דר. ב. האפמאן (צביון)

# מיין רייזע אין ארץ ישראל



פארלאג „די וועלט" ווארשע

# פאַרוואָרט

זינט איך האָב געמאַכט מיין רייזע אין ארץ־ישראל זענען פאַריבער צוויי יאָר, עס האָט זיך אָבער אין משך פון דער צייט קיין זאַך דאָרטן נישט געענדערט.

די יידישע אימיגראַציע אין ארץ־ישראל איז נאָך ביז איצט זייער פּראָגרעסירט. עס זענען געמאַכט געוואָרן פּראָבן צו באַזעצן אויף ערד מאַנכע גרופּעס פון די אַמאָליקן יידישע לעגיאָנערן, אָבער די פּראָבע האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. קיין פּריוואַטע יידישע קאָלאָניזאַציע איז אויך פאַר דער צייט אין ארץ־ישראל נישט אונטערגענומען געוואָרן.

די יידישע קאָלאָניזאַציע האָט אַפילו נישט אויף איין האָר געבליבן אַ העכסט־באַשרענקטע. בלויז אַ גאַנץ קליינע צאָל נייע יידישע אימיגראַנטן זענען פאַר די לעצטע פאַר יאָר אַריינגעלאָזן געוואָרן אין ארץ־ישראל, און אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי איז אַרויסגעפאָרן צוריק, ווייל זיי האָבן קיין אַרבעט נישט געקאָנט געפינען.

אינגאַנצן זענען איצט פאַראַן אין ארץ־ישראל אַרום 16 אָדער 17 טויזנט יידישע אַרבעטער, אָבער בלויז אַ טייל פון זיי האָט באַשטענדיקע אַרבעט. אַרבעטסלאָזיקייט איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג, פיל געוויינלעכער, ווי האָבן אַרבעט. די חלוצים זענען גרייט צו טון יעדע אַרבעט, ווי שווער זי זאָל נישט זיין און ווי ווייניק מען זאָל פאַר איר נישט צאָלן, אָבער עס איז נישטאָ ביי וואָס.

קיין נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון וועלכער טיפ איז באַדייטונג זענען פאַר דער צייט נישט צוגעקומען. די האָפענונג אַז יידישע קאַפּיטאַליסטן פון די גלות-לענדער וועלן מיט זייערע קאַפּיטאַלן עטוואָס אונטערנעמען אין ארץ ישראל, איז נישט מקוים געוואָרן.

די יידישע באַפעלקערונג אין ארץ ישראל האָט זיך פאַר די לעצטע פאָר יאָר גאַנץ ווייניק פאַרגרעסערט, ווייניקער אַפילו, ווי די גרעסטע פעסימיסטן האָבן געקענט פאָרויסזאָגן.

און אויב די עקאָנאָמישע לאַגע איז נישט פאַרבעסערט געוואָרן האָט זיך די פּאָליטישע לאַגע באַדייטנד פאַרערגערט. די אַראַבישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן ברייטער און שטאַרקער און איז געוואָרן מער אָנגרייפנד. דער באָיקאָט, וואָס די אַראַבער האָבן דורכגעפירט קעגן די וואַלן צו דעם כלומרשדיקן פּאַרלאַמענט, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט געשאָנקען פּאַלעסטינע, באַווייזט אַז די אַראַבער זענען נאַציאָנאַל-פּאָליטיש זייער גוט אָרגאַניזירט. דער באָיקאָט איז דורכגעפירט געוואָרן אַזוי גרינטלעך, אַז די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין פּאַלעסטינע האָט זיך געפילט געצוואונגען צו דערקלערן די וואַלן צו דעם אַזוי גערופענעם פּאַלעסטינער „פּאַרלאַמענט" פאַר נישט גילטיק.

דער עבר הירדן איז אָפיציעל אָפּגעריסן געוואָרן פון פּאַלעסטינע און איז אָנגעשלאָסן געוואָרן צו דער אַראַבישער העדזשאַס מלוכה, מיט וועלכער די ענגלישע מלוכה האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך וואָס איז זייער גינסטיק פאַר דער פּאַן-אַראַבישער באַוועגונג.

רעכענענדיק זיך מיט דער פּאַקטישער מאַכט פון די אַראַבער אין פּאַלעסטינע און מיט די אַראַבישע לענדער, וועלכע רינגלען אַרום פּאַלעסטינע פון אַלע זייטן, האָט די ענגלישע רעגירונג אָנגענומען אַ טאַקטיק אַרויסצווייזן וואָס מער פריינטשאַפט צו די אַראַבער און צו געבן זיי אַלץ מער הנחות, כדי צו געווינען וואָס מער פריינטשאַפט פון די אַראַבער צו זיך.

באַדייטנד געוואונען האָבן די אָרטאָדאָקסישע יידן פאַר די לעצטע פאָר יאָר. דער רבנים'שער בית-דין אין ירושלים האָט פון דער

ענגלישער אדמיניסטראציע באקומען מער מאכט, און די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון תל אביב האָט אָנגענומען אַ געזעץ, אַז פאַר מחלל שבת זיין זאָל מען פאליציילעך און געריכטלעך באַשטראָפט ווערן.

מיין רייזע־באַשרייבונג פון ארץ ישראל איז, אַלזאָ, נישט אויף דאָס מינדסטע פאַרעלטערט געוואָרן אין די צוויי יאָר. זי וואָלט אַנדערש נישט אַרויסגעקומען, ווען איך וואָלט די רייזע איצט געמאַכט. איך וואָלט בלויז פאַרפעלט צו זען די חלוצים ביי זייער קאַטאָרזשנער אַרבעט אויף די שאָסייען און פאַרשפּאָרט פאַרויסזאָגן דעם קריזיס אין דעם לעבן פון די חלוצים.

ניו־יאָרק, יולי, 1923

צביון.



# אויפן וועג

עס איז געווען אין דעם ווינטער פון 1921, ווען מיר האָט זיך פאַרגלוסט אַ קוק צו טאָן, ווי די וועלט אויף יענער זייט פון ים אויסקוקט, זעט אויס נאָך דער גרויסער וועלט=מלחמה. איך האָב געוואָלט זען אייראָפּע, וועלכע איך האָב שוין איבער 12 יאָר פאַרלאָזן, און איך האָב אויך געוואָלט זען פּאַלעסטינע, וועלכע איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען.

דעם 19=טן מערץ האָב איך זיך געזעצט אין ניו=יאָרקער האַפן אויף דער גרויסער ענגלישער שיף „אָלימפּיק" און האָב אָנגעפאַנגען פאָרן.

די ריזע אויפן שיף איז געווען לאַנגווייליק. עס מוז זיין לאַנגווייליק. פאַר דעם צוועק איז דאָך דער ים באַשאַפן געוואָרן.

דער ים איז זייער אַ לאַנגווייליקע באַשעפעניש. אַבער אַ כוואַליע און נאָך אַ כוואַליע. אַמאָל אַ גרעסערע, אַמאָל אַ קלענערע, אָבער קיין אַנדערע זאַך, ווי וואַרפן כוואַליעס, ווייס דער ים נישט. פון אָנפאַנג איז עס אינטערעסאַנט צו קוקן אויף דער אומענדלעכער גרויסער וואַסער=מאַסע, וועלכע האַלט זיך כסדר אין איין וויגן. דאָס אויג האָט אויך הנאה פון דעם פאַרבן=שפּיל, וועלכע די ליכט=שטראַלן פון דער זון באַשאַפן אין וואַסער. ביסלעכווייז, אָבער, ווערט נמאס קוקנדיק. עס חזרט זיך כסדר איבער דאָסזעלביקע.

פאַר פּאָעטן, אפשר, איז דער ים אַ גוטע טעמע צו שרייבן פּאָעטישע גראַמען אָדער סתּם אַזוי אַ לירישן אויסגוס וועגן דעם באַשטענדיקן אומרויִקן וואַסער=קעסל, וועלכער רוישט און

וואַרפֿט זיך אין אַ קרחת. פֿאַר פּראָזאַישע מענטשן, אָבער, איז דער ים זייער אַ לאַנגווייליקע זאַך, די לאַנגווייליקסטע זאַך, וואָס גאָט האָט באַשאַפֿן אויף זײַן וועלט.

איך שטעל מיר פֿאָר, אַז גאָט האָט דעם ים באַשאַפֿן, ווען ער איז געווען מיד און שלעפֿעריק. ער האָט אים באַשאַפֿן דורך אַ גענעץ, ווײַל בלויז דורך אַ מידן, שלעפֿעריקן גענעץ קאָן אַזאַ לאַנגווייליקע זאַך באַשאַפֿן ווערן.

און איך גלייב, אַז אַפֿילו פֿאַר פּאָעטן מוז דער ים זײַן אַ גאַנץ לאַנגווייליק באַשעפֿעניש, וואָרום זיי האָבן געמוזט געברויכן אַ סך פֿאַנטאַזיע אים אינטערעסאַנטער צו מאַכן כאָטש אויפֿן פּאַפּיר. זיי האָבן אים אָנגעפֿילט מיט פֿאַנטאַסטישע נימפֿן, מיט וואַסער־גײַסטער און מיט שדים.

לײַדער האָב איך, אָבער, פֿאַר די צוועלף טעג, וואָס איך בין געפֿאָרן אויפֿן ים, נישט געזען נישט איין נימפֿע, נישט איין וואַסער־גאָט און נישט איין וואַסער־טײַוול. בלויז הימל און וואַסער. אַ לאַנגווייליק צודרייט וואַסער און אַ לאַנגווייליקער כמאַרנער הימל. דאָס אויג ווערט מיד קוקנדיק און עס פֿאַנגט־אָן נודיען אויפֿן האַרצן.

וואָלטן כאָטש די פֿיש, וואָס מען זאָגט, אַז זיי זענען פֿאַראַן אין ים, זיך אַמאָל באַוויזן אויפֿן וואַסער, וואָלט זיך די גרויסע ים־וויסטעניש אַ ביסל וויניקער געפֿילט. נאָר איך הער אויף צו גלייבן, אַז אין ים זענען פֿאַראַן פֿיש. אויב זיי זענען דאָרטן אַמאָל געווען, האָבן זיי געמוזט אויסשטאַרבן פֿון לאַנגווייליקייט.

און אפֿשר האָב איך אַ טעות. לאַנגווייליק איז בלויז אונדז, פּאַסאַזשירן, וועלכע לעבן אויפֿן ים אויף אַלעם פֿאַרטיקן און גייען אַרום גאַנצע טעג אָן אַ ברעקל אַרבעט, נישט וויסנדיק, ווי די צײַט אַהינצוטון. די פֿיש, אָבער, זענען אַ גאַנצן טאָג פֿאַרנומען מיט זוכן חיונה. זיי מוזן נעבעך שווער אַרבעטן אויף אַ לעבן און זיי האָבן קיין צײַט נישט זיך צו לאַנגווײַלן.

נאָר אין קנאַפּע זעכס טעג האָט זיך מײַן לאַנגווייליקע רייזע אויפֿן וואַסער געענדיקט און איך האָב אָנגעהויבן רייזן אויף דער יבשה. אָבער, עס זענען געווען צײַטן, ווען די רייזע אויף דער יבשה איז געווען לאַנגווייליקער, ווי אויפֿן ים. איך בין דורכגעפֿאָרן

כמעט גאַנץ אייראָפּע איז אויסגעפֿאָרן כמעט אויף אַלע אייזנבאַנען
פֿון דער באַנייטער אייראָפּע. און אין מאַנכע אייראָפּעיִשע מדינות,
באַזונדערס אין די נייע, האָט זיך מיר אָפּגעדוכט, אַז ווען איך
וואָלט געגאַנגען צופֿוס, וואָלט איך שנעלער געקומען, ווי פֿאָרנדיק
מיט דער באַן. אין אייראָפּע איַלט מען זיך נישט. מענטשן האָבן
האָרטן אַ סך צייט. פֿון וואַנען זיי נעמען אַזוי פֿיל צייט, ווייס איך
נישט, אָבער זיי האָבן. דאָס האָט מען בלויז אין אַמעריקע אויסגע=
טראַכט, אַז צייט איז געלט. ווען דאָס וואָלט געווען אמת, וואָלטן
די מענטשן אין אייראָפּע, וועלכע האָבן אַזוי פֿיל צייט, געדאַרפֿט
זיין שטיין=רייך.

---

מיין רייזע פּלאַן איז געווען צוערשט צו באַזוכן פּוילן און
ליטע, און דאַן פֿאָרן קיין ארץ=ישׂראל, כּדי אָנצוקומען אַהין אין
חודש מאַי, די בעסטע צייט, ווי מען האָט מיר געזאָגט, צו מאַכן
אַ רייזע אין ארץ=ישׂראל. די אַנדערע לענדער, וועלכע איך האָב
געדאַכט אין מיין רייזע=צעטל, האָב איך גערעכנט צו באַזוכן אויף
מיין צוריק=רייזע פֿון ארץ=ישׂראל. איך האָב אָבער מיין פּלאַן געמוזט
ענדערן.

אָנקומענדיק אין קאָוונע, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין יאַפּאָ
איז פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. דער באַריכט איז אָנגעקומען דעם 2=טן
מאַי. אָנפֿאַנגס האָט מען נישט געגלייבט, אַז דער באַריכט איז
אַן אמתער. די קאָוונער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דעריבער
טעלעגראַפֿירט אין לאָנדאָן, און — דער ענטפֿער, וועלכער איז
געקומען אויפֿן צווייטן טאָג איז געווען אַ טרויעריקער. ס'איז אמת, איז
געווען דער קורצער ענטפֿער פֿון לאָנדאָן. נאָר מען האָט שוין
נישט געדאַרפֿט וואַרטן אויפֿן ענטפֿער פֿון לאָנדאָן. אין די צײ=
טונגען זענען שוין געווען איינצלהייטן וועגן דעם בלוטיקן פּאָגראָם
און מען האָט מער נישט געקאָנט צווייפֿלען.

וואָך אַ טאָג ווייטער זענען אָנגעקומען אַלץ מער איינצלהייטן
אין די באַריכטן און די צייטונגען האָבן דערציילט, אַז מען הייבט
זיך אויף פּאָגראָמען אין אַנדערע ערטער פֿון ארץ=ישׂראל. עפּעס
נישט קיין באַקוועמע צייט צו פֿאָרן אין ארץ=ישׂראל, האָב איך

מיר געטראַכט. ס'איז אמת, אַז מיין באָבע האָט מיר געזאָגט, אַז אין ארץ־ישראל איז גוט צו שטאַרבן, אָבער איך גלייב, אַז מיין באָבע האָט עס געמיינט נאָך הונדערט מיט צוואַנציק יאָר. און געוויס האָט זי נישט געמיינט, אַז עס איז גוט צו שטאַרבן אין ארץ־ישראל פון אַן אַראַבישער קויל אָדער פון אַראַבישן קינושאַל. אַלנפאַלס האָב איך דערצו גאָר קיין חשק נישט געהאַט.

אין אייניקע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די גרענעצן פון פּאַלעסטינע זענען אינגאַנצן פאַרמאַכט געוואָרן פאַר ייִדן און אַז מען לאָזט נישט אַריין אַפילו אַזעלכע, וואָס ווייזן פּעסער זענען וויזירט געוואָרן פון די ענגלישע קאָנסולן.

חאָטש מען, אַלזאָ, ענדערן מיין רייזע־פּלאַן. פריער באַזוכן אַנדערע לענדער און ארץ־ישראל צולעצט, ווען די טירן וועלן זיך דאָרטן צוריק עפענען.



# אין ארץ־ישראל־דליטע

צווישן אַלע מדינות, וועלכע איך האָב באַשלאָסן צו באַזוכן אויף מיין רייזע, איז ליטע, דאָס ארץ־ישראל אין גלות, ווי מען האָט עס פּראָבירט אַ נאָמען געבן, געווען איינע פון די וויכטיקסטע, כמעט אַזוי וויכטיק, ווי ארץ־ישראל.

אויב ארץ־ישראל האָט געוואָלט זען דער ראָמאַנטישער ייִד אין מיר, האָט ליטע געוואָלט זען דער נאַציאָנאַלער בונדיסט אין מיר. האָב איך דאָך אין מיינע גוטע בונדיסטישע יאָרן אַזוי פיל געחלומט וועגן אַ ייִדישער קולטורעלער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, און אָט איז אַ לאַנד, וווּ די ייִדן האָבן אַזאַ אויטאָנאָמיע געקריגן, טאָ ווי פּאַרט מען עס נישט זען?

אמת, די ייִדישע אויטאָנאָמיע אין ליטע, אויף וויפל איך האָב וועגן איר געלייענט, איז עפּעס נישט איבעריקס פויגלדיק. גאָר נישט דאָס, וואָס מיין בונדיזם האָט פאַרלאַנגט. אָבער, וואָס פאַר אַ פּנים די אויטאָנאָמיע זאָל נישט האָבן און וואָס פאַר אַ קאַליקע די ציוניסטן האָבן פון איר נישט געמאַכט, איז זי דאָך די ערשטע מאָדערנע ייִדישע קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און מען דאַרף זען, ווי זי זעט אויס.

און צוליב דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז מיר שוין די גאַנצע ליטווישע מדינה געוואָרן אינטערעסאַנט. ליטע אַ מלוכה! און נאָך וואָס פאַר אַ מלוכה! אַן אידעאַלע דעמאָקראַטיע מיט גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט. און ייִדן לעבן דאָרט ווי אין גן־עדן, ווי אַן אמתער ארץ־ישראל. איך האָב עס אַזוי פיל

מאָל געלעגן אין די אָפּיציעלע באַריכטן פון יידישן מיניסטעריום.)

אין אָט בין איך אין קאָוונע, אין דער הויפּט־שטאָט פון אַרויס־ישׂראל ליטע.

נײַן, אויב ליטע איז אַ מדינה, דאַן איז קאָוונע אַ הויפּט־שטאָט. וואָס פאַר אַ מדינה, אַזאַ הויפּט־שטאָט.

קאָוונע איז אַ רעכטע צייט געווען אין דײַטשע הענט. די דײַטשן האָבן אײַנגענומען קאָוונע גלײַך אין אָנהייב פון דער מלחמה און האָבן די שטאָט געהאַלטן ביז סוף פון דער מלחמה. נאָר אַפילו די דײַטשן מיט זייער גאַנצער גרינטלעכקייט האָבן אין קאָוונע נישט געקאָנט אײַנפירן יענע עלעמענטאַרע באַקוועמלעכקייטן, צו וועלכע מענטשן אין דער ציוויליזירטער אייראָפּע און אַמעריקע זײַנען אַזוי צוגעוווינט. זיי האָבן פאַר דעם צוועק געהאַרבעט אַראָפּ־וואַרפן ווייניקסטנס 90 פּראָצענט פון קאָוונער הײַזער און זיי איבער־בויען פון דאָס נײַ.

די דײַטשן האָבן אויפגעטאָן וווּנדער אין ליטע. זיי האָבן דאָרטן געבויט גאַנצע נעצן פון אײַזנבאַן־ליניעס. זיי האָבן געגראָבן נײַע וועגן און געמאַכט נײַע שאָסייען. זיי האָבן אײַנגעפירט עלעקטרישע באַלײַכטונג אין אַזעלכע ערטער, וווּ מען האָט פריער אַפילו נישט געוווּסט, ווי עלעקטריציטעט זעט אויס. אין קורצן, די דײַטשן האָבן געמיינט אַלץ צו מאַכן ליטע מיט לײַטן גלײַך, אָבער מיט אַלע זייערע אָנשטרענגונגען צו אייראָפּעיזירן ליטע, האָבן די דײַטשן דאָך זיך נישט געקאָנט העלפן און האָבן געמוזט אין קאָוונע גיין „אויפן הויף" צוגלײַך מיט די יידן און מיט די ליטווינער.

נאָר איך וויל נישט באַליידיקן די הויפּט־שטאָט פון דער ליטווישער מלוכה. אויסנווייניק איז קאָוונע זייער אַ שיינע שטאָט און מיט איר שיינע בערג, מיט איר טײַך ניעמאַן און בוימער באַוואַקסענע אומגעגנט, שטעלט זי מיט זיך פאָר אַ פּראַכטפול שיינעם לאַנדשאַפט. ווער עס וויל, אַלזאָ, אַז קאָוונע זאָל אים געפעלן, זאָל ער בעסער קוקן אויף איר פון אויסנווייניק און נישט פון אינווייניק.

פון ווײַטן זעען זאַכן אויס אַ סך שענער, ווי זיי זעען אויס פון נאָענטן. אויף ליטע מעג מען עס געוויס זאָגן. מען האָט בײַ

אונז אין אַמעריקע די נייע ליטווישע מדינה איז אַצוי שיין וויגעלע פּאַרהויגט. זי האָט עס אָבער אין דער ווירקלעכקייט נישט פאַרדינט.

ליטע האָט אַ גאַנץ דעמאָקראַטישע מלוכה, אָבער אַ הורכוים רעאַקציאָנערע. עס איז אַ לאַנד, וואו דער קאַטוילישער גלח איז דער וואָרט־פירער און דער טאָן־געבער. עס איז אַ לאַנד פון פראָסטע פויערים, וואָס זייער העכסטער אידעאַל איז דער גלח. דער שענסטער טרוים פון אַ ליטווישן פויער איז צו האָבן אַ זון אַ גלח.

איך בין אָנגעקומען אין קאָוונע דעם 1־טן מאַי. אין דער ליטווישער מלוכה איז דער ערשטער מאַי פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַלס אַן אָפיציעלער מלוכה־יום־טוב, דער יום־טוב פון אַרבעט. דאָך איז דאָס ערשטע בילד, וואָס איך האָב געזען, אַריינפאָרנדיק אין קאָוונע, געווען אַן אַרעסטירטע אַרבעטער־פאַרזאַמלונג, וועלכע באַוואָפנטע סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן געפירט אין „אוטשאַסטאָק“. און ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוויסט, האָט די פּאָליציי אָנגענומען יום־טוב באַצייטנס — זי האָט אָנגעפאַנגען מאַכן אַרעסטן שוין ערב דעם ערשטן מאַי.

נאָר איך בין דאָך נישט געפאָרן אין ליטע צו זען די ליטווישע פּאָליציי, איך בין דאָך געפאָרן זען דאָרטן די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, דאַרף מען איר גיין זען. בין איך געגאַנגען אין יידישן נאַציאָנאַל־ראַט, אין יידישן מיניסטעריום און האָב געקוקט און האָב געזען און האָב באַשלאָסן, אַז אַ קולטורעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע וואָלט טאַקע געווען נישט קיין שלעכטע זאַך, ווען די יידן אין ליטע וואָלטן טאַקע אַזעלכע געהאַט.

די יידן אין ליטע האָבן זייער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע נישט אויסגעקעמפט. זי איז זיי ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלן, פּונקט ווי עס איז אַראָפּגעפאַלן פון הימעל די ליטווינער, זייער ליטווישע מלוכה. אַ גאַנצע רייע פון גליקלעכע אומשטענדן פאַר די ליטווינער האָבן געמאַכט ליטע פאַר אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה. און פון די דאָזיקע אומשטענדן האָבן אויך די יידן עטוואָס געגאָבן אויף זייער חלק.

די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע געפינט זיך, אַחוץ אַלעמען, אונטער דער קאָנטראָל פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע

דאַרף זיך דערביי שטאַרק רעכענען מיט דער מיינונג פון „אחדות“; די אָרגאַניזאַציע פון די אָרטאָדאָקסישע יידן אונטער דער אנפירונג פון די ליטווישע רבנים. אין פונקט אַזוי ווי די גלחים אין ליטע האָבן אַ גרויסע מאַכט צווישן די ליטווינער, אַזוי האָבן די רבנים אין ליטע אַ גרויסע מאַכט צווישן די יידן. אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך איז די מאַכט פון די רבנים גאָר באַזונדערס גרויס.

די ציוניסטישע פאַרטיי האָט פאַרפלאָנטערט די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע מיט העברעיש און די רבנים האָבן איר פאַרפלאָנטערט מיט רעליגיע. די ציוניסטישע פאַרטיי, וואָס איר גאַנצע טעאָריע איז אַ פאַרלייקענונג פון דער אַרבעט אין „גלות“, קען אין דער יידישער אויטאָנאָמיע אין ליטע זען נישט מער ווי אַ שטיקל פאָרבאַרייטונגס־אַרבעט פאַר פאַלעסטינע, און דאָס איז העברעיש. מען דאַרף דעריבער אויסנוצן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר העברעישע שולן, כדי פאָרצובערייטן אין גלות אַ העברעישן יונגען דור פאַר פאַלעסטינע. די רבנים, ווידער, זעען אין דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע „חזוק הדת“, די פאַרשטאַרקונג פון דער יידישער רעליגיע. וואָרום יידישקייט איז ביי זיי פריער פאַר אַלץ און שפּעטער ווי אַלץ — רעליגיע. דאָס רעזולטאַט איז, אַז די ציוניסטן האָבן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַרקריפּלט מיט דער צוויי־שפּראַכיקייט — העברעיש און יידיש, און די רבנים זעען פון איר צו מאַכן אַ הייליקן „סינאָד“!

---

וואָס פאַר אַ פאָלק, אַזאַ פנים האָט זיין מלוכה.

די ליטווינער האָבן ווייניק געפּאָקט און געמאָלט צו ווערן אַ זעלבשטענדיק פאָלק מיט אַן אייגענע מלוכה. און עס פּאַסט זיי אַזוי די מלוכה ווי אַ חזיר אַ זאָטל.

די ליטווינער האָט איינפאַך אָפּגעלירט. זיי האָבן אַליין גאָר נישט געחלומט, אַז זיי וועלן קריגן אַ באַזונדער מלוכה. דאָס האָבן זיי צו פאַרדאַנקען די דייטשן און נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע.

די דייטשן האָבן געפּלאַנעוועט צו באַהאַלטן ליטע פאַר זיך

אין פֿון איר מאַכן אַ דײַטשן שטאַט. זײ האָבן פֿאַר איר געװען אַפֿילו אַ קעניג באַשטימט, עפּעס אַ פּרינץ פֿון אַ דײַטשער קעניגלעכער פֿאַמיליע. פֿאַר דעם צװעק האָבן די דײַטשן אָנגעװענדעט אַ סך ענערגיע. זײ האָבן אָרגאַניזירט אין ליטע אַן אַדמיניסטראַטיװן אַפּאַראַט, װאָס זאָל קענען לײַכט פֿאַרװאַנדלט װערן װען נויטיק אין אַ ליטװישער אױטאָנאָמיע אונטער דער דײַטשישער איבערהערשאַפֿט. די דײַטשן האָבן געבױט אַ גאַנצע רײ נײַע באַנליניעס אין ליטע, האָבן אין פֿיל ערטער אײַנגעפֿירט עלעקטריציטעט און האָב איר אין אַ גאַנצן ברײטער מאָס קולטיװירט. װען די דײַטשן זענען אַרױס פֿון ליטע, האָבן זײ די ליטװינער איבערגעלאָזן ניט בלױז אַ מער קולטיװירטע ליטע, נאָר אױך אַ פֿאַרטיקן מלוכה־אַפּאַראַט.

װען די דײַטשן װאָלטן פֿריִער ניט אָרגאַניזירט ליטע אין אַ געװיסער מלוכה־אײנהײט, װאָלטן די ליטװינער אַפֿילו ניט געװוּסט װי זיך אַ קער צו טאָן און װי אָנצופֿאַנגען שאַפֿן זײער אײגענע מלוכה. אײגנטלעך װײסן זײ נאָך הײַנט אױך גאַנץ װײניק װי זיך אומצוגײן מיט אַן אײגענער מלוכה. אַלץ איז אַזױ אומגעלומפּערט, אַז עס װײַזט אױס גיכער װי אַ חוזק אױף אַ מלוכה.

דאָס אײנציקע, װאָס די ליטװינער האָבן גוט אױסגעלערנט, איז חכמת הפּאָליציי און אכראַנקע. דאָס האָט זי אױסגעצײכנט גוט קאָפּירט פֿון דער אַמאָליקער רוסלאַנד. אױסער דער פּאָליציי, אָבער אַרבעט דער גאַנצער מלוכה־אַפּאַראַט װי זאַמד װאָלט געװען אַרײַנגעשאָטן אין זײַנע רעדער. עפּעס קײן זאַך רירט זיך ניט פֿון אָרט, און פֿאַנגט זיך שױן יאָ אָן עפּעס רירן, קריכט עס אַזױ לאַנגזאַם, אַז עס װערט אײנפֿאַך נודנע.

אױב די מלוכה־מאַשין זאָל זיך אָנפֿאַנגען רירן, מוז מען איר שמירן. יעדעס רעדל דאַרף מען שמירן, פֿון אונטן ביז אױבן, אַז ניט רירט זי זיך איבערהױפּט ניט פֿון אָרט. נאָר דאָס װאָרט „שמירן“ געברױכט מען ניט. אין נײַע מלוכות שאַפֿט מען נײַע װערטער. פֿאַר דאָס װאָרט „שמירן“ געברױכט מען אין קאָװנע דאָס װאָרט „סאַם פּאָנימאַיעש“ (פֿאַרשטײסט אַלײן). און די גרױס פֿון דעם „סאַם פּאָנימאַיעש“ הענגט אָפּ פֿון דער גרױס פֿון טשיק

(אמת) און פון דער וויכטיקייט פון ענין.

און זאל אייך נישט וואונדערן, וואס אין א נייער ליטווישער מליצה זאל מען געפינען אן אלט חומש־ווארט. עס זענען פאראן א רעכט ביסל באמתע אין דער ליטווישער מליצה, וואס זענען נאך טעמפ אין דער ליטווישער עברי, און עס איז זיי ליבטער זיך אויסצודריקן אין חומש ווי אין ליטוויש, בפרט ווען עס האנדלט זיך וועגן אזא פילזאגנדן אויסדרוק ווי „סאם פאנימאיעש“.

וואס איז שייך צו שפראך, זענען די ליטווינער נישט קיין גרויסע שאווינימטן. אויב איר קענט קיין ליטוויש נישט, ווען איר קומט אין ליטע, דארפט איר נישט זארגן. איר קענט זיך דאָרטן צעגויפרעדן אויף רוסיש, אויף דייטש, אויף פויליש און יידיש. איינע פון די אויבנדערמאנטע שפראכן פארשטייט כמעט יעדער ליטווינער. און ער איז נישט מקפיד אויב איר רעדט נישט אויף זיין שפראך. די גאסן אין קאָוונע האבן אויפשריפטן אין דריי שפראכן: ליטוויש, פויליש און יידיש. די אנערקענונג, אלזא, דארף מען די ליטווינער אויסדריקן. זיי זענען טאָלעראנט אין באצוג צו דער שפראך. נאר פארקערט רעדנדיק, זאלן זיי נישט זיין טאָלעראנט, קענען זיי זיך עפעס חלפן, ווען זיי רעדן אזא שפראך, וואס אפילו א סך פון די ליטווינער גופא אין די גרענעץ־שטעט קענען איר ווייניק, שוין אפגערעדט פון די אנדערע נאציאנאליטעטן.

נאר וואס פאר א נפקא מינה איז אין וועלכער שפראך מען נעמט „סאם פאנימאיעש“, אבי מען נעמט. און מען קען אויך קיינעם נישט פארדינקען, וואס ער נעמט. פון די שכירות, וואס די רעגירונג צאָלט, קענען די באמתע עסן ברויט מיטן לעפל און אויך דאס נישט צו זאט. מוז מען ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק אונטערשטיקווען די חונה מיט „סאם פאנימאיעש“.

און די רעגירונג וואלט אפשר גאר נישט געווען אזוי קארג און וואלט געצאָלט מער, נאר זי האט נישט. מען דאט געגעבן די ליטווינער א מליכה, אבער א נאקעטע און א הוילע און כמעט אן א גראָשן געלט. עפעס האבן זיי יא געקריגן פון דער כאוויעט־רעגירונג ביים שליסן דעם שלום, עטלעכע מיליאן רובל אין

גאָלד, אָבער די עטלעכע גראָשן זענען באַלד צוקראָכן געוואָרן. קיין אינדוסטריע האָט ניט ליטע, אויסער אַ פּאָר ברייזלעך און אַ פּאָר פּאַפּיראָסן-פֿאַבריקן. אין הוצאות האָט זי אַ סך. זי האָט לויט איר באַפֿעלקערונג אַ זייער גרויסע אַרמיי פֿון כאָלאַסטן און אפשר נישט קיין קלענערע אַרמיי פֿון באַאַמטע. טאָ פֿון וואַנען זאָל זי טאַקע נעמען אַזוי פֿיל געלט?

פֿעיִקע מלוכה-מענטשן און פֿעיִקע באַאַמטע פֿאַרמאָגט ליטע זייער ווייניק. און פֿון וואַנען זאָל זי זיי האָבן. אַ פֿריץ האָט זיי פֿאַרלוירן? - די ייִדן וואָלטן איר אין דעם פּרט געקענט אַ רעכט ביסל אויסהעלפֿן. די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט דאָך אומפֿאַרגלײַכלעך מער אינטעליגענטע קרעפֿטן ווי די ליטווינער. אָבער די ליטווינער האָבן זייער ווייניק חשק צו פֿאַרטיילן מלוכה-אַמטן צווישן ייִדן. וואָרעם אַנטיסעמיטיזם, און אין אַ צימלעך גרויסער פֿאַרציע, געפֿינט זיך אויך צווישן די ליטווינער. ניט מער עס איז פֿאַראַן אַ ייִדישער מיניסטער מיט אַ ייִדישן מיניסטעריום, זאָגט ער, אַז מען זאָל זען יעדער „קליינקייט" קיין רעש ניט מאַכן. און ווען עס טרעפֿט עפּעס אַן אומאָנגענעמע געשיכטע, קומט זי אַרויס אין דער „ייִדישער שטימע", דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון דעם ייִדישן מיניסטעריום, אַזוי אומשולדיק און אַזוי נישט היציק, אַז איר קענט אַפֿילו אין כעס נישט ווערן.

נאָר אַזוי ווי ליטווישע ייִדן זענען באַשיידענע מענטשן, זאָגן זיי, אַז קיין גרויסע טענות צו דער ליטווישער מלוכה האָבן זיי נישט, אדרבא, אין אַלגעמיין איז זי נישט קיין שלעכטע מלוכה פֿאַר ייִדן. אַז מען ווערט אַביסל געקריוודעט? מילא, וואָס קען מען טאָן?

נאָר ווי די מעשה זאָל נישט זיין, הייסט זיך מיר, אַז די ליטווינער גלייבן אויך נישט, אַז ליטע איז טאַקע אַן אמתע מלוכה, און נאָך ווייניקער הייסט זיך מיר, גלייבן זיי, אַז זי וועט בלייבן אַ זעלבשטענדיקע מלוכה. עמעצער האָט עפּעס געוואָלט חוזק מאַכן פֿון גאַנצן ענין, וואָס רופֿט זיך מלוכה, האָט ער גענומען ליטע און זי געמאַכט פֿאַר אַ מלוכה.

---

פֿון ארץ־ישׂראל הליטא, ווי איר זעט, האָב איך קיין גרויס נחת נישט געהאַט. דאַרף מען אַלזאָ זען וואָס פֿאַר אַ נחת איך וועל האָבן פֿון דער אמתער ארץ־ישׂראל. אמת, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז אויך דאָרטן וועל איך קיין גרויס נחת נישט האָבן. אָבער מען דאַרף פֿאָרן און זען. און פֿאַרברענגענדיק עט־לעכע וואָכן צייט אין איינציקע הויפּט־שטעט פֿון אייראָפּע, האָב איך זיך סוף יוני געזעצט אין איטאַליען אויף אַ שיף און אָנגעפאַנגען מיין רייזע אין ארץ־ישׂראל.



# דער וועג אין ארץ־ישׂראל

אַן אַלטער חלום מײַנער, אַ חלום פֿון מײַנע חדר־יאָרן נאָך, איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן: איך פֿאָר אין ארץ ישׂראל. איך פֿאָר זען דאָס אַלטע לאַנד, מיט וועלכן עס איז פֿאַרבונדן די פֿאַרגאַנגענהייט פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, מײַן פֿאָלק; דאָס לאַנד, וואָס לעבט נאָך הײַנט אַזוי פֿריש אין דעם זכרון פֿון אַ גרויסן טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק און וואָס דערוועקט נאָך ראָמאַנטישע געפֿילן אין די הערצער אַפֿילו פֿון אַזעלכע, וואָס האָבן שוין לאַנג אויפֿגעגעבן די האָפֿנונג אין דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט צוריק צו פֿאַרבינדן דאָס אַלטע פֿאָלק מיט דעם אַלטן לאַנד.

די ווערטער „ארץ ישׂראל“, אַרום וועלכע עס האָבן זיך אַזוי פֿיל פֿאַנטאַסטישע חלומות געוועבט אין מײַנע חדר־יאָרן און וועלכע האָבן אויך שפּעטער אַזוי פֿיל ראָמאַנטישע געפֿילן אין מײַן האַרצן אַרויסגערופֿן, האָבן נאָך הײַנט נישט אינגאַנצן זייער ראָמאַנטישע קראַפֿט פֿאַרלוירן.

„פּאַלעסטינע“ איז אַ טרוקן, פּאָליטיש וואָרט, וואָס רעדט נישט צום האַרצן און נישט צו דער נשמה. „פּאַלעסטינע“ דערמאָנט אײַך בלויז אַ פּאָליטישע באַוועגונג, אין וועלכער איר גלייבט נישט. ארץ ישׂראל איז אָבער פֿיל מיט ראָמאַנטיזם, מיט פֿאַנטאַזיע, מיט חלומות און בענקעניש. איך בין געפֿאָרן אין ארץ ישׂראל.

---

איך בין געפֿאָרן אויפֿן אַלטן ייִדישן וועג — צוערשט אין מצרים (עגיפּטן) און פֿון דאָרטן קיין ארץ ישׂראל. נישט מער אין מצרים

בין איך אַ ביסל אַנדערש געפאָרן, ווי מײַן עלטער־זיידע יעקב מיט זײַנע קינדער זענען אַהין געפאָרן.

איך בין געפאָרן מיט אַ שיף פון טריעסט אין אַלעקסאַנדריע. אַ גאַנץ אָנגענעמע רייזע, ווען דער ים איז רויִק און שטיל.

אַמאָל, אין די אַלטע צייטן, איז אַלעקסאַנדריע געווען אַ וויכטיקער ייִדישער צענטער, אַ צווייטער ירושלים. אַלעקסאַנדריע האָט אַפילו אַ בית־המקדש געהאַט און האָט גרויס קאָנקורענץ ירושלים געמאַכט. דאָס אָפּגעשוואַכטע ירושלים האָט געדאַרפט פירן אַן אָנגעשטרענגטן קאַמף קעגן דער אויפבליענדיקער אַלעקסאַנדריע. און עס איז געווען אַ צייט, ווען אַלעקסאַנדריע האָט די איבערהאַנט גענומען. היינט אָבער וויסן ווייניק ייִדן, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָלע אַלעקסאַנדריע האָט געשפּילט אין דער ייִדישער געשיכטע. אַלעקסאַנדריע האָבן ייִדן פאַרגעסן, ירושלים אָבער געדענקען זיי נאָך אַלץ.

---

די שיף איז זייער ווייניק באַזעצט. עס פאָרן אויף איר ניט מער ווי פערציק אָדער פופציק פּאַסאַזשירן, שוין דריטע קלאַס און צווישן־דעק אַריינגערעכנט. פּלאַץ איז פאַראַן פאַר עטלעכע הונדערט. דאָס ביסל פּאַסאַזשירן טיילן זיך אין פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן — ענגלענדער, אַמעריקאַנער, איטאַליענער, פראַנצויזן, שווייצער, האָלענדער, בעלגיער, עגיפּטער, סיריער, עסטרייכער, ייִדן, כינעזער און אַנדערע. די צאָל ייִדישע פּאַסאַזשירן איז זייער אַ קליינע. אין גאַנצן זענען מיר פינף ייִדן אויפן שיף. איינער פאָרט אין קאַירא און די איבעריקע פיר אין פּאַלעסטינע.

גערעכנט האָב איך צו טרעפן אויפן שיף אַ רעכט ביסל ייִדן. עס איז גראָד איצט אין רעכטן מיטן סעזאָן פון המון־רייזעס און אין יעדן רייזע־ביוראָ, ווי מיר איז איבערגעקומען צו זיין, האָב איך געטראָפן אַ רעכט ביסל ייִדן. איך האָב אַלזאָ גערעכנט, אַז אַ רעכט ביסל ייִדן מאַכן המון־רייזעס אין פאַרשיידענע פּלעצער. איך בין דערבײַ געווען באַרעכטיקט צו גלויבן, אַז ווייניקסטנס וועלן כאָטש אַ טייל פון דער גרויסער צאָל ייִדישע לופט־רייזנדע פאָרן אויף אַ באַזוך אין פּאַלעסטינע. עס האָבן דאָך זייער פיל רייכע ייִדן אין דער לעצטער צייט זיך ערקלערט אין ליבע צו פּאַלעסטינע.

און וועגן דאָך פאַראַן אַזוי פיל רייכע ציוניסטן איבער דער וועלט, וועלכע זאָגן, אַז זיי בענקען נאָך דעם יידישן לאַנד. האָב איך אָבער אַ טעות געמאַכט אין חשבון. איינציקע גוים האָב איך גראָד געטראָפן אויפן שיף, וועלכע פאָרן אין פאַלעסטינע אויף אַ לוסט-רייזע; יידן אָבער, קיין איינעם נישט. פון די דריי פאַלעסטינע-פאַסאַזשירן; אויסער מיר, איז איינער אַ חסידישער יונגערמאַן פון גאַליציען, וועלכער פאָרט אין ירושלים זיך באַזעצן, און צוויי זענען יונגע בחורים פון קאַנאַדע, וועלכע ווייסן נאָך אַליין נישט גענוי, וואָס זיי וועלן טאָן אין פאַלעסטינע. זיי רעכנען, אַז זיי וועלן דאָרט באַקומען שטעלעס ביי דער ענגלישער רעגירונג און וועלן קאָנען פאַרבלייבן אין פאַלעסטינע אויף שטענדיק. ווו אָבער עס זענען די רייכע יידן, וועלכע בענקען אַזוי שטאַרק נאָך פאַלעסטינע, ווייס איך נישט. אויפן שיף האָב איך זיי אַלנפאַלס נישט געטראָפן.

---

אימיצער אַליין האָט געוואָלט מאַכן אַ שפּאַס און זען ווי עס וועט אויסקוקן אַ שטאָט, ווען מען וועט אין איר אַריינלאָזן אַלע מינים פעלקער און מענטשן, וואָס די וועלט פאַרמאָגט און זיי לאָזן דאָרטן פריי לעבן ווי יעדן איינעם געפעלט און ווי יעדער איינער איז געוווינט. האָט דערדאָזיקער לץ אויסגעבויט די שטאָט אַלעקסאַנדריע און ער האָט געהאַט מער שפּאַס, ווי זיין האַרץ האָט אים נאָר געקאָנט געלוסטן.

אין אַלעקסאַנדריע האָט זיך צונויפגעמישט אין איין קאַשע שטיקער פון דער מאָדערנסטער אייראָפּע און רעשטן פון די אָפּגעשטאַנענסטע טיילן פון אָריענט. איר געפינט אין אַלעקסאַנדריע הייזער, וועלכע זענען געבויט נאָך דעם לעצטן וואָרט פון דער אייראָפּעישער אַרכיטעקטור, און איר געפינט דאָרטן הייזער, וואָס דערמאָנען אייך די ציטן פון יציאת-מצרים. פון איין זייט זעט איר מענער און פרויען, וועלכע גייען אָנגעטאָן נאָך דער לעצטער פאַריזער מאָדע און פון דער אַנדערער זייט זעט איר מענער און פרויען, וועמענס קליידונג עס דערמאָנט אייך די ביבלישע ציטן. און אַלע זענען צונויפגעמישט אין איין קנויל. עס גייט אַ דאַמע אין אַ קורץ קליידל, קוים ביז די קני; אַ בלוזע מיט קוים אַ סימן פון אַרבל, אַ הוט באַפעדערט און

באַבלימלט פון אַלע זייטן און בײַ איר ווייט הויקט זיך שטיל פאַרבײַ עפּעס אַ באַשעפעניש אַרומגעוויקלט פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ שוואַרצן טוך, פאַרשלייערט מיט אַ טיכל און אַזאַ שפּיליכל איבער דעם אייבערשטן טייל פון נאָז, אַז איר זאָלט בשום אופן נישט קאָנען זען, וואָס פאַר אַ פּנים דאָס דאָזיקע באַשעפעניש האָט. איר שטויסט זיך בלויז אָן, אַז דאָס איז אַן אַראַבישע פרוי. און אָט גייט אַ יונגערמאַנטשיק איינגעבויגט אין עפּיק און אין האַנט מיט אַ מאָנאָקל אין אויג. שיינט ערשט פון לאָנדאָן געקומען. און בײַ זיין זייט גייט עפּעס אַ מין מענטש אין אַ לאַנג העמד, אַרומגעוויקלט פון אויבן מיט אַ געלב-גרויער קאָלדרע, וועלכע הייבט זיך אָן פון קאָפּ און ענדיקט זיך ביז זיינע באָרוויסע פיס, און דאָס איז זיין גאַנצע באַקליידונג.

און יעדער וואָס קאָנט איר זען אַ געמיש פון קאַפעליושן און טורבאַנען, הימלען און פעסקעס, זשאַקעטן און כאַלאַטן — אַן אמתע איבעשטעלונג פון אַלע מינים קליידער, וואָס מענטשן טראָגן אין אַלע פּינה טיילן פון דער וועלט. און אַלעס איז צונויפגעמישט, צונויפגעדרייט אין איין קויל, און עס איז אַ ליאַרם, אַ געטומל אַז פאַרטויבט צו ווערן. דאָ פליט אַ העכסט מאָדערנער אויטאָמאָביל און בלאָזט שופר אויף דער הינטערשטער אָקטאַווע, און דאָ יאָגט זיך אַן אַראַבער אין אַ לאַנג העמד, זיין איינציקע באַקליידונג. נאָך זיין שעפּל, וואָס האָט זיך דערשראָקן און האָט זיך הענדים-פענדים געלאָזט לויפן פונקט דעם אויטאָמאָביל אַנטקעגן. דער אַראַבער שרייט מיט באַנומענע קולות און שילט דעם שאָפער פון דעם אויטאָ-מאָביל מיט אַלע קללות פון דער תוכחה, און דער שאָפער, אַן עגיפטער אָדער טערק, קאָן אויך די קונסט פון שילטן און ער ענטפערט אָפּ אויפן קול פסוק פאַר פסוק.

אַלע שפּראַכן פון דער וועלט הערט מען אין אַלעקסאַנדריע. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַראַבישע שפּראַך הערט זיך מער פאַר אַלע. נאָך אַראַביש קומט פראַנצויזיש. ענגליש פאַרנעמט דעם דריטן פּלאַץ. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַראַבער אין אַלעקסאַנדריע האָבן אויף מיר געמאַכט נישט קיין איבעריקן געהויבענעם איינדרוק, בין איך דאָך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין דער צייט פון

יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען אין אַלעקסאַנדריע, איז די באַקוועמסטע זאַך צו זיין אַן אַראַבער. עס איז געווען מוראדיק הייס, און אמתע גיהנום־היץ, און איך האָב באמת מקנא געווען די אַראַבער פאַר זייערע לייכטע זומערדיקע בגדים, וואָס באַשטייען בלויז פון איין לאַנגער העמד, און ווער עס איז אַזוי באַגליקט צו זיצן אין שאָטן ערגעץ ביי אַ וואַנט און דרעמלען.



# אין דער הויפּט־שטאָט פון מצרים.

איך האָב נישט געהאַט די געלעגנהייט אָנצוקוקן אַלעקסאַנדריע ווי געהעריג איז. איך האָב אַפילו נישט געזען דעם בערימטן ספינקס, וועלכער געפינט זיך בײַ אַלעקסאַנדריע. די באַדינטע אין האָטעל, ווו איך בין אײַנגעשטאַנען, האָבן מיך אײַנפאַך אײַנגעשראָקן און האָבן מיר גאַנץ דרינגענד געראָטן, אַז איך זאָל אויסמײַדן די טײלן פון שטאָט, ווו עס וואוינען בלויז אַראַבער און איך זאָל בעסער פאַרבלײַבן אין דעם אײראָפּעאישן טײל פון שטאָט. זיי האָבן מיר ערקלערט, אַז נאָך די שרעקלעכע בלוטיקע פּאַסירונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אַלעקסאַנדריע די לעצטע וואָך פון מאַי, איז עס גלײַכער פאַר אַן אײראָפּעער אָדער אַן אַמעריקאַנער, בפרט יעדענפאַלס ייִדן, אויסצומײַדן די טײלן פון שטאָט, ווו בלויז אַראַבער וואוינען. און אַזוי ווי איך איז אין אַלגעמיין אַ שטיקל פּחדן און צווי ווי איך האָב קיין שום חשק נישט געהאַט הרגעשלאָגן צו ווערן פון אַן עגיפּטישן אַראַבער און ווערן אַ שוכן עפר אין מצרים, האָב איך געפאָלגט די עצה פון די האָטעל־באַדינטע און האָב נישט געהאַט קיין צײַט נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט פרעה'ס לאַנדסלײַט. איך בין דעריבער פון אַלעקסאַנדריע אַוועקגעפאָרן אײן צווייטן טאָג, ווי איך בין אַהין אָנגעקומען. דערפאַר אָבער האָב איך קאַיראָ, די הויפּט־שטאָט פון מצרים שוין אָנגעקוקט געהעריג. אין קאַיראָ זענען קיין אומאָרדענונגען נישט פאָרגעקומען די לעצטע צײַטן און איך האָב דאָרטן קײנעם נישט געטראָפן וועלכער זאָל מיך אָנשרעקן. און קענטיל, ווי איך בין נאָר פון וואַגאָן אַרויס האָב איך שוין געהאַט אַ מנין אַראַבער אַרום זיך, וועלכע האָבן זיך

אָנגעבאָטן צו זײַן פֿירער און מיר װײַזן װאָסערע װוּנדער קאַירא פֿאַרמאָגט. און זײ װעלן עס מיר טאָן פֿאַר זײער ביליק. בלויז פֿינף שילינג, אָדער 20 פּיאַסטער. און אײנער האָט מיר בסוד פֿאַרטרויט, אַז ער איז גרײט מיך צו פֿירן, װוּהין איך װיל פֿאַר צװײ שילינג. דאָס איז װירקלעך אַ מציאה. װאָרעם איר דאַרפֿט װיסן, אַז מײַנע אַמעריקאַנער גבֿירות האָט פּלוצים אויפֿגעהערט, װי איך בין אין מצרים אָנגעקומען. איך האָב אָנגעפֿאַנגען בײַטן מײַנע אַמעריקאַנער דאָלאַרן אויף עגיפּטישע פֿונטן. איך בין די גאַנצע צײַט פֿון מײַן רײזע געװױנט געװען צו קריגן פֿאַר מײַנע אַמעריקאַנער דאָלאַרס אַ הויפֿן מיט געלט. און דאָ פּלוצים דרײט זיך איבער דאָס רעדל און מײַן אַמעריקאַנער דאָלאַר װערט אויס יחסן. עס איז גאָר פֿאַרקערט. איך שלעפּ אַרויס פֿון קעשענע אַ רעכטן פּעקל דאָלאַרס און קריג פֿאַר זײ בלויז עטלעכע פֿונטן. און װאָלטן כאָטש די פֿונטן האָבן אַ ממשות, איז דאָס אויך נישט. זײ צעשמעלצן פּשוט אין די הענט. מען שלעפּט פֿון אײַך די פּיאַסטערס פּונקט מיט אַזאַ לײַכטקײט, װי אין פּױלן די מאַרקן. דער אונטערשײד איז אָבער, װאָס פֿאַר אַ דאָלאַר קריג איך דאָ בלויז 25 פּיאַסטערס בעת אין פּױלן פֿלעג איך קריגן אַ פֿולע קעשענע מיט מאַרקן.

נאָר אַז אַ ײדן איז נישט באַשערט קײן מציאה, קען זי אים אַרײַנקומען אין שטוב אַרײַן און ער װעט זי נישט קריגן. איך האָב מײַן מציאהדיקן פֿירער געהײסן קומען צו מיר אין האָטעל און פֿון דאָרטן װעל איך גײן מיט אים זען די שטאָט און אירע װוּנדער. האָט מען אים אָבער אין האָטעל נישט אַרײַנגעלאָזן, װײַל דער פּאָרטיער פֿון האָטעל האָט זיך זײַנע פֿירער, װעלכע ער רעקאָמענדירט און פֿון װעלכע ער קריגט אַ חלק. פֿאַרשטײט איר דאָך שוין, אַז בײַ דעם האָטעל־פּאָרטיערס־פֿירער האָב איך שוין קײן מציאה נישט געהאַנדלט.

עס פֿאַרשטײט זיך, אַז די ערשטע זאַך מוז מען זען די פּיראַמידן מיט דעם גרויסן ספֿינקס, װײַל עס איז פֿאַראַן אַ סבֿרא, אַז מײַנע עלטער־זײדעס האָבן זײ געבױט. איך האָב זײ געזען. און טאַקע געריטן אויף אַ קעמל אויך. און נישט בלויז אויף אַ קעמל, נאָר אויף אַ מױל־אײזל. צו די פּיראַמידן בין איך געריטן אויף אַ קעמל.

און צוריק אויף אַ מויל־אייזל, כּדי צו פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון ביידן. און עס פֿאַרשטייט זיך אויך, אַז איך בין געווען אין די קאַטאַקאָמבען און אין דעם טעמפּל, וועלכע געפֿינען זיך בײַ די פּיראַמידן און אין זיי געזען ווי די אַמאָליקע מלכים פֿון מצרים זענען געווען באַגראָבן און וואָסערע קינסטלער די עגיפּטער פֿון קנאַפּע פֿינף טויזנט יאָר צוריק זענען געווען אין אַרכיטעקטור און אין סקולפּטור־אַרבעט. אין פֿאַר צוויי פּיאַסטערס האָט מיר אַן אַראַבער געוויזן אַ קונץ, ווי אַזוי ער קען אין צוויי מינוטן צײַט אַרויפֿדראַפּען זיך ווי אַ קאַץ ביז צום שפּיץ פֿון העכסטן פּיראַמיד און אַראָפּגלעטערן צוריק. דער דאָזיקער אַראַבער איז מיר פֿליצים ווי פֿון זאַמד אַרויסגעוואַקסן און אַזוי פֿליצים פֿאַרשוווּנדן. און אַזוי האָט זיך יעדעס מאָל עפּעס אַן אַנדער אַראַבער זיך פֿליצים באַוויזן בײַ מײַן זײַט און איז פֿליצים נעלם געוואָרן. יעדער איז געקומען מיר עפּעס אָנביטן. איינער עפּעס אַ קונץ; דער צווייטער מיט אַן עגיפּטישן אַנטיקל, וועלכע איז, ווי ער פֿאַרזיכערט מיר, מער ווי זעקס־טויזנט יאָר אַלט; דער דריטער מיט אַ שטיק גראַניט, אָדער אַלבאַסטער־שטיין פֿון טעמפּל; דער פֿערטער איז גרייט אויסצולייענען פֿון מײַן האַנט מײַן גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט און מיר זאָגן, וואָס מײַן צוקונפֿט וועט זײַן; דער פֿינפֿטער האָט פֿאַר מיר אַזאַ מין ציגאַרעטן, וואָס ווען איך רייכער זיי, וועל איך אימער זײַן שטאַרק, געזונט און יונג. אין די היצן וועל איך זיך פֿון זיי פֿילן קיל און אין קעלט וועט מיר פֿון זיי הייס ווערן. איך קען מיט זיי שטילן מײַן דורשט און הונגער באַזונדערס זענען זיי גוט פֿאַר פֿאַרדייונג און קעגן קאָפּווייטיק. ועל כּולם וועט זיך יעדע שיינע דאַמע אין מיר פֿאַרליבן, ווען איך וועל רייכערן איינעם פֿון די ציגאַרעטן אין איר קעגנוואַרט. זי דאַרף בלויז דערשמעקן דעם ריח און זי פֿאַרליבט זיך אין מיר. און מײַן פֿירער באַשטעטיקט אויף זײַן הן צדק, אַז אַלץ וואָס דער ציגאַרעטן־הענדלער דערציילט מיר וועגן זײַן סחורה, איז דורכויס אמת.

פֿון אָנפֿאַנג אַמוזירט מיך די גאַנצע געשיכטע, ווי איין אַראַבער נאָכן אַנדערן וואַקסן אַרויס בײַ מײַן זײַט. און דרייען מיר אַ קאָפּ מיט פֿאַרשיידענע זאַכן. ביסלעכווייז אָבער פֿאַנגען זיי מיר אָן צו דערעסן. איך הויב אָן פֿילן, ווי זלידנע פֿליגן וואָלטן זיך אויף מיר אָנגעז־

וועט איך קאָן פון די נישט פטור ווערן. טרייב איך אָפּ אײן
ווילדע פליג, קומט אַן אַנדערע. און ווען איר ווילט וויסן, וואָס אַן
אַזעלכע ווילדע פליג באַדײַט, דאַן קומט אין קאַהיראָ. זיי ווענען פּונקט
ווי די דעמאָטיקע אַראַבער. אַז זיי ווענען זיך אָן אויף אייך, קאָנט איר
זיי בשום אופן נישט אָפּטרײַבן פון זיך. יעדער טראָגט דאָרטן דעריבער
אַ בּינטל לאַנגע האָר, וואָס זעט אויס ווי אַ פערדישער עק, אײַנגע־
בונדן אין אַ הענטל, כדי אָפּצוטרײַבן די פליגן פון זיך. קעגן די
ווילדע אַראַבער, אָבער, איז נישטאָ קיין מיטל ווי זיי אָפּצוטרײַבן
פון זיך.

---

ווילט איר דאָך אפשר וויסן, וואָס איך האָב געפילט און גע־
טראַכט, ווען איך האָב זיך אײַנגעפונען אָט אין דעם אַלט־היסטאָרישן
פּלאַץ פון די פיר־טויזנט־יאָריקע פּיראַמידן און ספינקסן און פון
דער וווּנדערלעכער אַלט־עגיפּטישער קולטור און קונסט. איך האָב
געמישטע געפילן און געמישטע געדאַנקען. איך האָב בלויז געפילט,
אַז אויף אַ קעמל איז אפשר ווילד גוט צו רײַטן פאַר אַן אַראַבער,
אָבער איך פאָר שוין בעסער אפילו אין אַ „פאָרד“. און דאָס איינציקע,
וואָס איך האָב געטראַכט, איז אפשר געווען, אַז די אַלטע עגיפּטער
פון מצרים האָבן זייערע אייניקלעך איבערגעלאָזן נישט קיין שלעכטע
ירושה, זינט וועלכע זיי שלעפּן אַרויס פון יעדן נײַעם אײַנצאַפּער,
וואָס קומט אַהער, אַ רעכט ביסל פּיאַסטערס און מינצן.

און ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט, האָט מיר שוין אויך
אַ ביסל פאַרדראָסן אויף דעם ייִדישן מזל. האָבן דאָך די ייִדן, זאָגט
מען, געבויט די פּיראַמידן, עס הייסט, מײַנע עלטער־זיידעס זענען
עס געווען די בעלי־מלאכות פון די דאָזיקע שטיינערנע וווּנדער־
געבײַדעס און פּרנסה פון זיי האָבן גראָד די אַראַבער. איך האָב מיר
אָבער דערבײַ געטרייסט דערמיט, וואָס אין אַמעריקע האָבן ייִדן
פּרנסה נישט בלויז פון די געבײַדעס, וואָס זיי האָבן אַליין געבויט,
נאָר דאַנקען אָפּט אויך פון אַזעלכע, וואָס די גוים האָבן געבויט.

און גראָד אין דער צייט, וואָס איך בין אויף דעם הויקער פון
דעם קעמל געזעסן בײַ די פּיראַמידן, האָט זיך איבער זיי באַוויזן אַן
אַעראָפּלאַן, וועלכער האָט צעשטערט מיין לעצטע ביסל אילוזיע פון די

אַלטע אַמאָליקע עגיפּטישע צייטן. איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ פּנים פֿון דחוק, דאָס האָט, ווען אַ מענטש אין אַ בערלינער שטרוי־הוט און אין אַן אַמעריקאַנער זומער־אָנצוג זיצט אויף אַן אַראַביש־אויסגעפּוצטן קעמל נעבן אַן אַלטן עגיפּטישן ספֿינקס און איבער זיין קאָפּ דרייט זיך אין דער לופֿט אַן ענגלישער עראָפּלאַן מיט אַלע לעצטע מאָדערנע אויסבעסערונגען.

אין קאַהירע זענען פֿאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן צו זען. אָבער איך האָב זיי ערשט געקאָנט זען, ווען איך האָב זיך באַפֿרייט פֿון מיין פֿירער. גראָד האָב איך געקראָגן ווידער אַ פֿרומען, גאָטס־פֿאָרכטיקן פֿירער, וועלכער פֿלעגט אַלע ווילע דאַרפֿן גיין מתפּלל זיין. און דאָס אינטערעסאַנטסטע פֿאַר אים זענען געווען די פֿאַרשיידענע מעטשעטן, וועלכע געפֿינען זיך אין קאַהירע, ווו מיר זענען נאָר פֿאַרבייגעגאַנגען אַ מעטשעט האָט ער מיך אַהין אַריינגעפֿירט און ער האָט דערביי געכאַפּט אַ תּפֿילה. און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿאַר דער צייט פֿון זיינע תּפֿילות האָב איך געדאַרפֿט צאָלן. דערביי האָב איך ערפֿאַרן, אַז מיין פֿירער איז אַ גרויסער יחסן. ער איז שוין צוויי מאָל אין זיין לעבן עולה־רגל געווען אין מעקאַ, דער הייליקסטער אָרט פֿון די מאַהאָמעדאַנער, און ער האָט דעריבער געטראָגן אַ גרינע טורבאַן, וואָס האָט עדות־געזאָגט וועגן זיין גרויסן יחוס. געוויס האָב איך זייער הויך געשעצט, וואָס איך האָב דעם זכות צו האָבן אַזאַ מיוחסדיקן פֿירער, אָבער איך האָב אין קאַהירע געוואָלט זען אויך עפּעס אַנדערש, אַחוץ די מעטשעטן; און איך האָב זיך דעריבער מיט מיין פֿירער גאַנץ העפֿלעך געשיידט און זיך אויסגעקליבן זען קאַהירע אָן דער באַגלייטונג פֿון אַ טורבאַן. און אָן דעם מעקאַנער טורבאַן איז עס טאַקע געווען נישט נאָר בילכער, נאָר אויך בעסער. איך האָב מיר איינגעהאַנדלט אַ קליין ביכל, די „[illegible] פֿון קאַהירע" וואָס האָט אויך דערביי אַ געאָגראַפֿישע קאַרטע פֿון דער שטאָט און איך האָב מיך געלאָזן גיין.

איך בין אָבער נישט ווייט געגאַנגען. די הייסע מצרים־זון איז אינגאַנגען אַרויס פון איר פוטערפאַס און זי האָט געבריט אזוי גע־בראָטן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זיך אומצוקערן אין מיין האָטעל און אָפּוואַרטן ביז די זון וועט זיך אַראָפּלאָזן נידעריקער און וועט נישט זיין אַזוי הייס.



# די ייִדן אין מצרים

מײַן ערשטער זעלבשטענדיקער װיזיט איז געװען אין קװאַרטאַל פֿון די אַראַבישע ייִדן.

מען רופֿט זײ אָבער ניט אַראַבישע ייִדן, נאָר ספֿרדים, אָדער פֿרענקען. מײסטנס טאַקע פֿרענקען [צװישן ספֿרדים און פֿרענקען איז פֿאַראַן אַ גרױסער אונטערשײד. די ספֿרדים שטאַמען פֿון די אַמאָליקע שפּאַנישע ייִדן און זײ רײדן שפּאַניאָליש. די פֿרענקען קומען פֿון די מזרח־אַפֿריקאַנישע לענדער און זײ רײדן מײסטנס אַראַביש. נאָר אַזױ װי ניט אַלע װײסן דעם אונטערשײד, רופֿט מען אױך די פֿרענקען מיט דעם נאָמען ספֿרדים].

די ייִדן אין מצרים רעכענען זיך אָפּ, פֿאַר װײַטע עלטער־זײדעס מיט פּרעהס אײניקלעך. דערפֿאַר װאָס ייִדן האָבן אַמאָל געשקלאַפֿט בײַ די מצרים, שקלאַפֿן איצט אַ סך מצרים בײַ די ייִדן.

היסטאָריקער קאָנען האָבן טענות און זאָגן, אַז די איצטיקע אײַנװױנער פֿון מצרים, האָבן אַ קנאַפּע קרובֿהשאַפֿט מיט די אַמאָליקע מצרים. בײַ װעלכע ייִדן האָבן געשקלאַפֿט, אָבער איך פֿאַרנעם זיך דאָ ניט מיט קײן היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען. איך װיל דאָ בלױז דערצײלן, אַז אין מצרים זענען פֿאַראַן אַ סך רײַכע ייִדן, װעלכע האָבן גרױסע געשעפֿטן און אַ באַדײַטנדיקער טײל פֿון זײ זענען גאַנץ גרױסע ערד־באַזיצער, און עס פֿאַרשטײט זיך, אַז די מצרים אַרבעטן פֿאַר זײ.

אין מצרים זענען פֿאַראַן צװײערלײ ייִדן: ספֿרדים און אשכּנזים. די ספֿרדים זענען די אַלטע תּושבֿים פֿון לאַנד, בעת די אשכּנזים זענען מײסטנס נײַ־אָנגעקומענע. די צאָל ספֿרדים איז אַ גאַנץ באַ־

דײַטשנדיקע, אַרום 50 טױזנט, בעת די צאָל פֿון אַשכּנזים איז ניטשט מער, װי דרײַ טױזנט. די ספֿרדים זענען פֿולשטענדיק אַראַביזירט. די ייִדן אַראַביש, גײען אָנגעטאָן װי אַראַבער און זעען אױס גרעסטן טײל אױך אױס, װי אַראַבער. די אַשכּנזים אָבער זענען געבליבן דאָס, װאָס זײ זענען געװען אין זײערע הײמען. פֿון װעלכע זײ זענען געקומען. די ליטװאַקעס זענען געבליבן ליטװאַקעס, די רומענער זענען געבליבן רומענער און די גאַליציאַנער זענען געבליבן גאַליציאַנער. ניטשט מער זײ האָבן צו זײערע פֿריערדיקע פֿאַר שפּראַכן זיך אײַנגעלערנט נאָך אַ צװײ אָדער דרײַ, װי אַראַביש, פֿראַנצױזיש און איטאַליעניש. אײניקע האָבן זיך אױך אױסגעלערנט טערקיש, און די לעצטע צײַט אױך ענגליש. אין דעם פּונקט זענען די אַשכּנזים אין מצרים גרױסע בריות. זײ רעדן אױף אַלע מינים שפּראַכן. די ספֿרדישע ייִדן, אָבער, זענען שױן װײַט ניטשט אַזעלכע בריות. פֿראַנצױזיש קענען אַ גאַנץ גרױסער טײל פֿון זײ. די יונגע קענען שױן גאָר גוט פֿראַנצױזיש, נאָר אױך אַ גאַנץ גרױסער טײל פֿון עלטערן דור פֿאַרשטײען פֿראַנצױזיש. דאָס קומט פֿון צװײ אורזאַכן. ערשטנס איז די פֿראַנצױזישע שפּראַך אין אַלגעמײן זײער שטאַרק פֿאַרשפּרײט אין מצרים, זי איז די צװײטע שפּראַך נאָך אַראַביש. פֿראַנקרײַך האָט אַװעקגעלײגט אַ סך כּוחות און אַ סך געלט צו פֿאַרשפּרײטן די פֿראַנצױזישע שפּראַך אין אָריענט. און זי האָט אױך געהאַט ערפֿאָלג. צװײטנס. קומען די שולן פֿון דער פֿאַריזער אַליאַנס איזראַעליט. װאָרום, פּונקט װי די פֿראַנצױזישע רעגירונג האָט געזוכט צו פֿאַרשפּרײטן די פֿראַנצױזישע שפּראַך אין אָריענט אין אַלגעמײן, האָט די אַליאַנס-איזראַעליט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט פֿאַרשפּרײטן די פֿראַנצױזישע שפּראַך צװישן די ייִדן פֿון אָריענט. ביז דער לעצטער צײַט זענען די שולן פֿון דער אַליאַנס-איזראַעליט געװען כּמעט די אײנציקע שולן, װאָס די ייִדן אין מצרים האָבן פֿאַרמאָגט.

מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט די ספֿרדישע ייִדן האָב איך געמאַכט גאַנץ אײנפֿאַך. איך האָב אין מײַן האָטעל בײַם אױבער-פּאָרטיער, װעלכער איז, װי דער מנהג איז, אין מצרים, געװען אַ ייִד, זיך דערפֿרעגט, װוּ דער קװאַרטאַל פֿון די ספֿרדישע ייִדן געפֿינט זיך און איך בין דאָרטן אַװעק. און דאָ איז מיר דאָס ערשטע מאָל אין מײַן

לעבן לשון־קודש צונויפֿגעקומען אַלס אַ שפּראַך זיך צונויפֿצורײדן. אמת, עס האָט מיך אַ רעכט ביסל געוווּנדערט, אײדער איך האָב זיך דערשלאָגן צו אַזעלכע ייִדן, וועלכע קאָנען רײדן העברעיִש. מיט אײניקע האָב איך אָנגעהויבן רעדן, האָבן זײ מיך אָנגעקוקט, ווי אַ האָן אין בני־אָדם. נאָר גײענדיק פֿון אײנעם צום צווייטן האָב איך מיט ענדלעך דאָך אָנגעשלאָגן אויף אײנעם, אַ יונגעמאַן פֿון באַגדאַד, וועלכער רעדט נאָך נישקשהדיק העברעיִש. און ווען איך האָב מיט אים פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך, האָבן זיך אַרום אונדז אין אַ גאַנץ קורצער צײַט אַרומגעקליבן אַ רעכט ביסל ייִדן און צווישן זײ אַ פּאָר, וועלכע האָבן גערעדט העברעיִש גאַנץ פֿרײַ, באַזונדערש אײנער אַן עלטערער מענטש, וועלכער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אינגאַנצן ווי אַן אַראַבער, אָבער זײַן געזיכט איז געווען, ווי פֿון אַ ליטווישן ייִדן, עטוואָס אַזוינס, וואָס מען טרעפֿט זײער זעלטן בײַ די ספֿרדישע ייִדן. און אַז דאָס רעדל ייִדן האָט זיך דערוווּסט, אַז איך קום פֿון אַמעריקע, בין איך בײַם עולם געוואָרן זײער אַ געהויבענער גאַסט. די אַמעריקאַנער ייִדן האָבן געראַטעוועט דאָס ייִדישע פֿאָלק, האָבן מיר די ספֿרדישע ייִדן ערקלערט. און כּדי מיר צו ווײַזן, אַז איך בין אַן אָנגעלײגטער גאַסט, האָט מען מיר גלײַך מכבד געווען מיט קאַווע, און טאַקע אין גאַס גופֿא, לעבן אַ קראָם, פֿון וואַנען מען האָט אַרויסגעבראַכט אַ פּאָר בענקלעך, וואָס אײנער האָט געדינט צום זיצן און דער אַנדערער — פֿאַר אַ טיש. און בײַ אַ טאַס קאַווע, האָבן מיר זיך פֿאַנאַנדערגערעדט וועגן דעם לעבן פֿון די ספֿרדישע ייִדן אין מצרים. ניטאָ זיך וואָס צו באַקלאָגן, האָט מען מיר ערקלערט, מען האַנדלט און מען מאַכט אַ לעבן. אַ טײל זענען טאַקע אויך גאַנץ רײַך, און מען האָט מיר גלײַך אויפֿן אָרט אָנגעהויבן איבערעכענען נעמען פֿון גרויסע ייִדישע גבירים. און וואָס הערט זיך מכּוח אַרבעטער? — גאַנץ ווייניק, זײער און זײער ווייניק. עס לוינט זיך ניט פֿאַר אַ ייִדן צו זײַן אַן אַרבעטער. עס באַצאָלט זיך ניט. ווען אַ ייִד האָט אַ 5 פֿונט שטערלינג אין זײַן פֿאַרמעגן, אָדער קאָן עס קריגן צונויפֿצובאָרגן, וועט ער דורך האַנדל מער און לײַכטער פֿאַרדינען, ווי פֿון אַרבעט.

נאָר אין אײן האָר איז די גאַנצע שמחה מיט דעם „געהויבענעם אַמעריקאַנער גאַסט" צעשטערט געוואָרן. רײדנדיק, האָט דאָס רעדל

ייִדן אַרום מיר ערפאַרן, אַז איך פאָר אין פּאַלעסטינע און מען האָט מיר גלייך חושד געווען, אַז איך בין אַ ציוניסט, און דאָס איז ביי די ספרדישע ייִדן גאָר נישט קיין מעלה, ווי איך האָב זיך עס באַלד דערוווּסט. איינער פון זיי, דער עלטערער, האָט מיר פאָרגעלייגט אַ פרעג-געטאָן, אויב איך בין אַ ציוניסט, וואָס איך פאָר אין פּאַלעסטינע. נאַריש ספרדישע ייִדן. זיי ווייסן נישט, אַז ציוניסטן פאָרן נישט קיין פּאַלעסטינע. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין נישט קיין ציוניסט. לאַנג-לעבן זאָלט איר, וואָס איר זייט נישט קיין ציוניסט, האָט מיך דער אַלטער געבענטשט מיט אויפגעהויבענע הענט. איר ווייסט גאָרנישט, וואָסערע צרות עס האָבן די ציוניסטן אָנגעטון דעם ייִדישן פאָלק. איידער די ציוניסטן זענען געקומען, האָט מען דאָך נישט געוווּסט פון קיין שנאה צו ייִדן ביי די אַראַבער. איצט אָבער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ שנאה צו ייִדן און איין גאָט ווייס, וואָס דערפון קאָן ווערן.

איך האָב פּראָבירט פאַרטיידיקן אַ ביסל די ציוניסטן. איך האָב פּראָבירט דערקלערן, אַז נישט אין אַלץ זענען שולדיק די ציוניסטן, אָבער מיין פאַרטיידיקונג האָט נישט געהאָלפן. עס האָט בלויז געפירט דערצו, אַז עס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע דעבאַטע וועגן ציוניזם און איך האָב געקאָנט זען, וואָס פאַר אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט עס עקזיסטירט ביי די ספרדישע ייִדן צו די ציוניסטן. אַלנפאַלס, מוז איך צוגעבן, אַז איך אַליין האָב אַ פאַרדאַכט, אַז איך בין אין דער דעבאַטע נישט געווען דער בעסטער פאַרטיידיקער פון ציוניזם, וואָס די ציוניסטן וואָלטן געקאָנט אַרויסשטעלן. איך קאָן בלויז זאָגן, אַז אין פאַרגלייך מיט די ספרדישע ייִדן, בין איך שוין אַפילו אַ ציוניסט.

---

און אַז מען איז שוין אין קוואַרטאַל פון די ספרדישע ייִדן דאַרף מען שוין זען אַ ביסל אַלטערטימלעכקייטן, וואָס די ספרדישע ייִדן אין קאַהירא פאַרמאָגן. צו אַלער-ערשט פאַרמאָגן זיי אַ פּאָר אַלטע שולן. איינע פון זיי איז דעם רמב"מס שול און איז איבער 7 הונדערט יאָר אַלט. בין איך געגאַנגען זען.

אין דער שול גופא איז נישטאָ, וואָס צו זען. עס איז אַן אַלטע שול, ווי אַלע אַנדערע אַלטע שולן פון איר מין. זי צייכנט זיך מיט

קיין זאַך נישט אויס. עס זעט זיך אַפילו נישט אָן, אַז זי טראָגט אַזאַ גרויסן פּעקל יאָרן אויף אירע פּלייצעס. שולן, וועלכע זענען דריי הונדערט יאָר אַלט, זענען נישט אויס יינגער פון איר. נאָר, אַז איר גיט אַ טראַכט, אַז דער רמב״ם האָט אין דער שול געדאַוונט, באַשליסט איר ביי זיך, אַז עס איז אַייך ווערט געווען די עטלעכע שילינג באַקשיש, וואָס פאַרשיידענע הענט ביי דער שול האָבן אַרויסגעריסן פון אַייך. אין דער אמתן, איז דער איבערפאַל, וואָס מען מאַכט אויף אַייער קעשענע, ווען איר גייט אַרויס פון דער שול, זייער אינטערעסאַנט.

אַרום דער שול געפינט זיך בסדר אַ כאָפּטע יידן מיט טורבאַנען אָדער פּעשקעס אויף די קעפּ, וועלכע קוקן אויס, ווי עכטע אַראַבער. די הייען זיך דאָרטן אַרום און לויערן אויף אַ קרבן, פון וועלכן מען קאָן אַרויסרייסן אַ ביסל באַקשיש.

דאָס וואָרט „באַקשיש" מיינט נישט „כאַבאַר" אָדער „גרעפּט", ווי מען פאַרטייטשט עס געוויינלעך, ביי אונז. באַקשיש מיינט גיכער אַ מתנה, אַ „טיפּ". דער קעלנער, דער טרעגער, דער האָטעל-דינער, דער דראָזשקען-קוטשער — אַלע בעטן ביי אַייך באַקשיש. און ווען איר קומט אין שול, זעט יעדער פון דער כאָפּטע באַקשישניקעס אַייך אויף עפּעס אָנצעווייזן מיטן פינגער און אַייך עפּעס צו דערקלערן. פאַרשטייט זיך אויף אַראַביש. און דאָס איינציקע וואָס איר פאַרשטייט פון דער דערקלערונג איז, אַז איר וועט דאַרפן געבן באַקשיש. און איר האָט עס ריכטיק פאַרשטאַנען. וואָרום ווי איר גייט נאָר אַרויס פון שול, ווערן פון די אַלע ווייזנדיקע פינגער אויסגעשטרעקטע הענט. און טאָמער פעלט אַייך אויס קליינגעלט, האָט איר שוין ביי אַייער זייט אַ ייִדן אין אַ טורבאַן, וואָס בייט אַייך אויס גרויס-געלט פאַר קליין-געלט און אויך אים דאַרפט איר געבן באַקשיש. דער קיצור איז, אַז וואָס איז שייך צו באַקשיש זענען די ספרדישע יידן זיכער פולשטענדיקע אַראַבער.

באַזוכנדיק נאָך אַן אַלטע שול, וואָס געפינט זיך אין קוואַרטאַל, און הערנדיק די זעלביקע דערקלערונג, וואָס אין רמב״מס שול, האָב איך באַשלאָסן אינגאַנצן אָפּשייד צו נעמען פון די ספרדים און מאַכן אַ וויזיט אין דעם קוואַרטאַל פון די אשכנזים. איז אָבער אין דער

קוואַרטאַל פון די אשכנזים נישטאָ, וואָס צו זען. עס זענען היימישע יידן, וואָס כמעט אַלע פון זיי זענען קרעמער, הענדלער, אָרעמע האַנדלס-אָנגעשטעלטע. עס זענען פאַראַן עטלעכע אַרבעטער, מייסטנס שניידער און סטאָליאַרעס.

אין אַלגעמיין לעבן די אַשכנזישע יידן אין קאַירא מאַטעריעל נישט שלעכט. אָבער דאָס איז אַלעס. קיין גייסטיק און געזעלשאַפט-לעך לעבן איז כמעט אינגאַנצן נישטאָ. אַ גרויסער טייל איז ציוניסטיש געשטימט. אָבער קיין יידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס האָבן די אשכנזישע יידן נישט געשאַפן. עס איז עפּעס יאָ פאַראַן אַ קולטו-רעלער פאַריין, אָבער קוים וואָס ער לעבט.



# אונזערע „קרובים" אין מצרים

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די ייִדישע ברידער, בין איך געגאַנ־
גען זיך אַ ביסל נענטער באַקענען מיט אונזערע אַראַבישע קרובים.

די מצרים זענען אַ ניכטער פֿאָלק. נישט ווייניקער ווי נײַנציק
פּראָצענט פֿון זיי טרינקען נישט קיין שום אַלקאָהאָל־געטראַנקען.
בלויז אַ טייל פֿון דער שטאָטישער באַפֿעלקערונג זענען אַראָפּ פֿון
דרך־הישר און היטן נישט דעם נביאס פֿאַרבאָט. אַ טייל פֿון זיי טרינקט
אין געהיים, און אַ טייל איז שוין דערהאַנגען אַזוי ווײַט זיך נישט צו
שעמען אַפֿילו צו טרינקען בפרהסיא, אין דער בולטער עפֿנטלעכקייט,
אָבער דער פּראָצענט טרינקער איז אַלנפֿאַלס אַ קליינער. דאָס פֿאָלק
אין גאַנצן קאָן באַצייכנט ווערן אַלס ניכטער. און דאָס איז איינע פֿון
די גרעסטע מעלות פֿון דעם עגיפּטישן פֿאָלק. איך רעכן, אַז די
ניכטערקייט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין עגיפּטן האָט עס געגעבן
דער עגיפּטישער אינטעליגענץ די מעגלעכקייט אין אַזאַ קורצער צייט
אַזוי באַדייטנדיק אויפֿצוהייבן דעם קולטורעלן צושטאַנד פֿון דעם
עגיפּטישן פֿאָלק.

אַז דער קולטורעלער צושטאַנד פֿון די עגיפּטער איז באַדייטנדיק
געהויבן געוואָרן פֿאַר דער לעצטער צייט, קאָן מען זען פֿון דער
גרויסער פֿאַרשפּרייטונג פֿון צייטונגען אין עגיפּטן. אין די לעצטע
עטלעכע יאָר האָט זיך דאָס לעזן פֿון צייטונגען דאָרטן זייער שטאַרק
פֿאַרשפּרייט. איך האָב זיך געטראָפֿן מיט איינעם אין קאַהיראָ, וועלכער
לעבט שוין דאָרטן פֿון מערערע יאָרן, נאָר אין דער צייט פֿון דער
מלחמה איז ער פֿון דאָרטן אַוועקגעפֿאָרן אין אַמעריקע, ווו ער איז

פֿאַרבליבן איבער פֿינף יאָר צייט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די גרעסטע ענדערונג אין עגיפּטען, וועלכע האָט זיך אים גלייך געוואָרפֿן אין די אויגן, צוריקקומענדיק אַהין, איז די גרויסע פֿאַרשפּרייטונג פֿון צייטונגען. פֿריִער פֿלעגט מען זעלטן זען, אַז אַ פּשוטער אַראַבער זאָל לייענען אַ צייטונג. איצט אָבער זעט מען עס אויף שריט און טריט. דער גרויסער ברייטער עולם לייענט צייטונגען, און דאָס איז דער בעסטער סימן פֿון אַ העכערן קולטורעלן צושטאַנד.

איך מוז אָבער זאָגן, אַז קיין גרויס באַגייסטערונג פֿאַר זיך האָט אין מיר דאָס אַראַבישע פֿאָלק אין עגיפּטען נישט אַרויסגערופֿן. היסטאָריש קערן מיר זיך אַפֿילו אָן גאַנץ נאָענטע קרובים. עפּעס זענען מיר דאָך לייבלעכע שוועסטער־קינדער. אָבער איך בין צו יעדער צייט בעסער גרייט צו האַנדלען און פֿאַרקערן מיט די ווילד־פֿרעמדע דייטשן אין בערלין, איידער מיט מיינע נאָענטע קרובים אין קאַהיראָ אָדער אין אַלעקסאַנדריע.

אין אונזער קרובֿהשאַפֿט מיט די אַראַבער איז נישט בלויז אַ היסטאָרישע. זי פֿילט זיך נאָך גאַנץ שטאַרק אויך היינט. איך הער אין דער אַראַבישער שפּראַך אַ סך ווערטער, וועלכע האָבן דיזעלביקע באַדייטונג, ווי אין העברעאיש. איך הער אין דער אַראַבישער געזאַנג אַזעלכע נאָענטע, באַקאַנטע ניגונים, עכט חזנישע דריידלעך און אַפֿילו חסידישע דבֿיקות. אָט בין איך איין אָוונט אין קאַהיראָ אַריינגעגאַנגען אין אַן אַראַבישן קאַבאַרעט, וועלכער טראָגט אַזאַ קלינגענדיקן נאָמען, ווי „טויזנט און איין נאַכט". נאָר אַיילט זיך נישט מיך מקנא צו זיין. אַ נאָמען אין עגיפּטען זאָגט גאָרנישט. די אַראַבער האָבן ליב מליצות און קלינגענדיקע נעמען. עס איז געווען אַ פּשוטע קאַפֿע אונטערן פֿרייען הימל מיט מוזיק און געזאַנג. און כּדי איר זאָלט מיך נאָך ווייניקער מקנא זיין, וויל איך אייך שוין דערציילן, אַז קיינע פֿרויען זענען אין קאַבאַרעט נישט געווען. עס זענען געווען בלויז מענער. אַראַבישע פֿרויען גייען נישט אין קאַפֿעס און אין קאַבאַרעטן, זיי זיצן אין דערהיים. בלויז איין פֿרוי איז געווען אַ זינגערקע. אָבער זי האָט געמוזט זיין אַ טערקישע, נישט קיין אַראַבישע, ווייל איר געזיכט איז געווען אַ ביסל צו ווייס פֿאַר אַן אַראַבערקע.

האָב איך באַשטעלט קאַווע און האָב זיך אָנגעפֿאַנגען צוהערן צו

דעם מוזיקאַלישן בראָגראַם. שוין איינמאָל אַ פּראָגראַם! צוערשט האָט געשפּילט אַ צימבלער אַן עכט־חסידישן ניגון. נאָכדעם האָט דערוועלביקער צימבלער מיט אַ פייפלער און צוויי באַלאַלאַיעטשניקעס געשפּילט אַ ניגון, וואָס איז ענלעך צו „פון דער חופה גייענדיק". וואָס כּלי־זמרים שפּילן אויף יידישע חתונות אין דער ליטע. אַ שלאָגמערקער פייקלער האָט די גאַנצע צייט צוגעקלאַפּט צום טאַקט. איך בין זיכער, אַז ער האָט די גאַנצע צייט געשלאָפן, אָבער זיין האַנט איז שוין אַזוי אײַנגעוווינט, אַז אַפילו אין שלאָף קלאַפּט זי צו אין טאַקט. נאָכדעם האָבן דריי „זינגער", בלייבנדיק זיצן אויף דעם באַנק, ווו זיי האָבן די גאַנצע צייט געכאַפּט אַ דרעמל, אָנגעהויבן זינגען אַ „טריאָ". דאָס איז געווען אַ שטיקל חזנות, ווו יעדער פון די זינגער האָט זיך געגאָרגלט און געציקלט פאַר זיך, נישט קוקנדיק, וואָס דער אַנדערער טוט. דאָס איז געווען אַן עכט מוזיקאַלישע „האַרמאָניע", וואָס קיין שום קאַצן־מוזיק האָט זיך מיט איר נישט געקאָנט פאַרגלייכן. צום שלוס איז אויפגעטרעטן די זינגערין, דער „סטאַר" פון אָוונט און האָט מיט אַ מאַנסבילשן קול אָנגעהויבן אויסצוציקלען אַ לידל, וועלכן זי האָט איבערגעחזרט נישט ווייניקער ווי פינף־און־צוואַנציק מאָל. וואָרום ווי זי פלעגט נאָר ענדיקן, פלעגט דער עולם אָנהויבן שרייען „קעמאַן". אויף אונזער לשון „בּיס" אָדער „אַנקאָר" און זי פלעגט זיך נישט לאָזן בעטן און האָט געזונגען. דאָס גאַנצע ליד איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע ווערטער:

„נעאמעל־ע בעל־כאווהו עלבי. כאד מיני עלבי. אואלא, אואלא, יאנאש סאדולי". איך בין זיכער, אַז איך האָב די ווערטער פאַרשריבן מיט גרייזן, נאָר אַ ליטווישער ייִד, ביי וועמען איך האָב געפרעגט דעם פּירוש־המילות, האָט זיי פאַרשטאַנען און ער האָט מיר געגעבן דעם פאָלגנדיקן טייטש: „וואָס זאָל איך טון מיט דעם געליבטן פון מיין האַרצן? ער האָט פון מיר דאָס האַרץ אַוועקגענומען. איך באַשווער אייך ביי גאָט, מענטשן, העלפט מיר". און וואָס אַמאָל מער זי האָט דאָס לידל אויסגעציקלט, אַלץ מער איז געשטיגן די דביקות און די התלהבות. דער עולם האָט אָנגעהויבן צו קנאַקן מיט די פינגער, צופּאַטשן מיט די הענט און אַרויסלאָזן אַלע ווילע אַ געשריי: אַלאַ, אַלאַ! איינער מיט אַ ווייסן טורבאַן אויפן קאָפּ און אין אַ בלויער זיפּעצע

האָט פֿון דבֿקות און התלהבֿות ניִשט געקאָנט אײַנזיצן אױף אָן אָרט. ער איז די גאַנצע צײַט אַרומגעגאַנגען, געקנאַקט מיט די פֿינגער און געפּאַטשט מיט די הענט און האָט געשאָטן מיט שבֿחים אױפֿן רבונו־של־עולם, אַז ער איז גרױס, שטאַרק און מעכטיק. דאָס גאַנצע האָט מיר אַזױ לעבעדיק דערמאָנט אָן אַ חסידישן מנין, אַז איך װײס נישט, װער װעמען האָט קאָפּירט: צי די ייִדן די אַראַבער, צי די אַראַבער די ייִדן.

און דאָך, װי נאָענט איך האָב געפֿילט די קרובֿהשאַפֿט, װענען מיר דאָך די אַראַבער אַזױ פֿרעמד און אַזױ װײַט געװען. און זאָל מיך גאָט און די ציוניסטן נישט שטראָפֿן פֿאַר די רײד, װען איך װעל זאָגן, אַז צו די גױישע ענגלענדער, פֿראַנצױזן, דײַטשן און רוסן, װעלכע איך האָב באַגעגנט אין קאַהירע, האָב איך מיך געפֿילט נענטער נישט נאָר װי צו די אַראַבער, נאָר אױך װי צו די אַראַבישע ייִדן. מיר זענען אין גלות אײראָפּײער געװאָרן און דער אָריענט איז אונדז אין גאַנצן פֿרעמד געװאָרן. מיר פֿילן די גאַנצע פֿרעמדקײט, װען מיר קומען אַהין.

---

פֿאַרנדיק מיטן שיף פֿון טריעסט אין אַלעקסאַנדריע, האָט מיר אײנער פֿון די פּאַסאַזשירן, װעלכער האָט געלעבט אַ לענגערע צײַט אין קאַהירע, אָנגעשריבן אַ גאַנצן צעטל, װאָס עס איז װערט דאָרטן צו זען. צװישן די פֿאַרשײדענע זעענסװערטיקײטן האָט ער מיר באַזונדערש רעקאָמענדירט צו זען דעם פֿיש־מאַרק, װײַל אַזױנס אָרעמס עלנטס קאָן מען אױסער קאַהירע ערגעץ נישט זען. איך האָב געפֿאָלגט און געגאַנגען זען. נאָר דאָ דאַרף מען אַװעקשטעלן דעם מאָראַל־צענזאָר אױף דער װאַך.

דער פֿיש־מאַרק איז געבליבן בײַ זײַן אַלטן נאָמען, װײַל אַמאָל איז דער פּלאַץ טאַקע געװען אַ פֿיש־מאַרק. הײַנט אָבער איז עס אַ מאַרק פֿון אָפֿענער פֿאַרשײדנאַרטיקער פּראָסטיטוציע, און איז שמוציקסטער, עקלדיקסטער און אָפּשטױסנדיקסטער פֿאָרם. עפּעס מער עקלדיק און אָפּשטױסנדיק איז זיך שװער פֿאָרצושטעלן.

דער פֿיש־מאַרק פֿאַרנעמט אַ גאַנצן קװאַרטאַל אין מיטן דער שטאָט. ער באַשטײט פֿון אַ גאַנצן לאַבירינט פֿון קרומע, שמאָלע, שמו-

ציקע געהלעך, און ווען איר גייט־אַרויס פון דאָרטן, פילט איר זיך, ווי איר וואָלט אַרויס פון אַ פאַרפעסטעטן זומפ אין דער ברייטער לופט, און איר גיט אַ טראַכט ביי זיך, אַז אין אַלגעמיין איז דער מענטש די שמוציקסטע און נידעריקסטע באַשעפעניש, וואָס גאָט האָט אויף זיין וועלט באַשאַפן.

---

איך בין געקומען צום שלום, אַז נישט פון צניעות־וועגן פאַרשלייערן די אַראַבערקעס זייערע געזיכטער. נאָך מיין מיינונג, דאַרפן זיי עס פשוט טון צוליב דעם, ווייל זיי זענען גרויסע מיאוסקייטן.

מיט פאַרשלייערטע געזיכטער גייען בלויז די אַראַבישע פרויען פון די העכערע און מיטעלערע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג. די דאָרפישע אַראַבערקעס, די פרויען פון די באַלאַבן [פועלים] גייען נישט פאַרשלייערט און מען קאָן דעריבער זען זייערע מיאוסע פנימער גאַנץ אָפן.

עס איז אמת, אַז אין די פאָעמעס און די פאַנטאַזטישע מעשהלעך פון די אַראַבישע דיכטער רעדט זיך זייער ה"פיל פון אַראַבישע שיינקייטן. נאָר אפשר האָבן די אַראַבישע פאָעטן געהאַט די זכיה צו זען אַזעלכע. איך, אָבער, האָב די דאָזיקע זכיה נישט געהאַט. איך האָב בלויז געזען איין מיאוסקייט גרעסער פון דער צווייטער. און ווער ווייס, אפשר האָבן פאָעטן אַן אַנדער געשמאַק.

זעט איר, צווישן די טערקישע פרויען קאָן מען שוין זען אַ ביסל שיינע. דעריבער גייען טאַקע די טערקישע פרויען גאַנץ ווייניק פאַרשלייערט. זיי טראָגן אינגאַנצן אַ האַלבן ווייסן דורכזיכטיקן שלייערל, ווי אַ פאַרטיכל, וואָס גיט זיי צו מער חן, ווי עס פאַרשטעלט זייער געזיכט.

איך ווייס, אַז מיין מיינונג וועגן די פרויען־שלייערס אין אָריענט שטימט נישט מיט דער געשיכטע און מיט אַלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען וועגן דעם לעבן, זיטן און מנהגים פון די אָריענטאַלער פעלקער, אָבער איך האָף, אַז די וויסנשאַפט וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך ערלויב זיך צו זינדיקן קעגן איר מיט מיין מיינונג. הלוואי זאָלן מיר נאָר די אַראַבישע פרויען אַזוי מוחל זיין.

---

די ענגלענדער האָבן אָן שום צווייפל אַ סך מיטגעהאָלפן אין

דער אַנטוויקלונג פון מצרים. דאָס קאָן יעדער זען, ווער עס קומט אַהין. אָבער עס איז אויך אמת, אַז די ענגלענדער האָבן נישט דערלאָזן און דערלאָזן אויך היינט נישט, קיין אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע אין עגיפּטן.

עגיפּטן פּראָדוצירט אַ סך רוי־מאַטעריאַלן, אָבער קיין פאַבריק־אינדוסטריע. אין עגיפּטן וואַקסט אַ סך בוימוואָל [קאַטן], אָבער יעדעס שטיקל געוועבטע שטאָף, וואָס די עגיפּטישע באַפעלקערונג טראָגט אויף זיך, קומט פון ענגלאַנד, אָדער פון וועלכן עס איז אַנדער לאַנד. איבער די היוז־אינדוסטריע, ווי גאָלדשמידעריי און אייניקע קליינע פאַבריקאַציעס, ווי ציגאַרעטן, סאָדע־וואַסער, טעפּעריי און אַזוי ווייטער, פּראָדוצירט עגיפּטן גאָרנישט.

עגיפּטן איז נישט מער, ווי אַן ענגלישע קאָלאָניע, האָט מיר דערקלערט אַ יונגער עגיפּטישער אַדוואָקאַט, מיט וועלכן איך בין געפאָרן צוזאַמען פון אַלעקסאַנדריע אין קאַירא. און ווי לאַנג ענגלאַנד וועט האָבן די מאַכט איבער עגיפּטן, וועט זי נישט דערלאָזן, אַז אין עגיפּטן זאָל זיך אַנטוויקלען אַן אייגענע אינדוסטריע. און אין דעם איינציקלעך באַשטייט דער קאַמף פון עגיפּטן פאַר זעלבשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט, האָט ער מיר ווייטער דערקלערט. פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט האָבן די עגיפּטער נישט וואָס צו קעמפן, ווייל ענגלאַנד מישט זיך נישט אַריין אין נאַציאָנאַלן לעבן פון די עגיפּטער. עס איז אַ קאַמף פאַר עקאָנאָמישער פרייהייט, וואָרום ווי לאַנג ענגלאַנד האָט די מאַכט איבער עגיפּטן, קאָן דאָס לאַנד זיך עקאָנאָמיש נישט אַנטוויקלען, ווייל יעדע פּראָבע פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג ווערט גלייך דערשטיקט פון ענגלאַנד.

עס איז אַן אַלטע געשיכטע, נאָר ווען מען קומט און מען זעט עס מיט די אייגענע אויגן, פאַרשטייט מען עס בעסער.



# פון מצרים דורך דער מדבר אין ארץ־ישראל

איך האָב געהאַט בדעה צו פאָרן פון מצרים קיין ארץ־ישראל מיט דעמזעלביקן וועג, וואָס אַלע ייִדן פאָרן געוויינלעך. דאָס הייסט, מיט דער שיף פון אַלעקסאַנדריע קיין יאַפע. עס איז נישט דער קירצסטער וועג, אָבער דער בילי͏קסטער. איך בין אָבער געווען געצוווּנגען צו פאָרן מיט אַן אַנדער וועג — מיט דעם וועג, וואָס אונדזערע אור־עלטערן זענען געגאַנגען אין ארץ־ישראל, ווען זיי זענען אַרויס פון מצרים. איך בין געמיטלעך געפאָרן דורכן מדבר.

איך ווייס נישט, אויב דער מדבר, דורך וועלכן איך בין געפאָרן, איז איינער פון די מדבריות, דורך וועלכע משה האָט געפירט די ייִדן פון מצרים. איך ווייס אַפילו נישט גענוי דעם נאָמען פון אָט דעם מדבר, דורך וועלכן איך בין געפאָרן, צי דאָס איז דער מדבר פארן אָדער מדבר סין. איך בין אַלעמאָל געווען שוואַך אין דער ביבלישער געאָגראַפיע, איך ווייס בלויז, אַז עס איז נישט געווען דער מדבר סיני, ווייל פאַרנדיק האָב איך אין ערגעץ נישט געזען דעם באַרג סיני, פון וועלכן מיר ליידן נאָך ביז היינטיקן טאָג. נאָר וואָס איז דער אונטערשייד? אַ מדבר איז עס געווען און ווי שייך, זענען די ייִדן, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען אַזוי פיל מדבריות אייך אים נישט דורכגעגאַנגען?

איך בין געווען געצוווּנגען צו פאָרן מיט דעם מדבר־וועג, ווייל דער וועג מיטן שיף פון אַלעקסאַנדריע קיין יאַפע איז געוואָרן זייער אומבאַקוועם.

עס איז געווען אין דער צייט, ווען דער פּאָגראָם אין יאַפע איז פאָר־געקומען.

שוין אײדער איך בין אָנגעקומען קײן אַלעקסאַנדריע, האָב איך
געהערט, אַז ייִדישע פּאַסאַזשירן האָבן גרויסע צרות בײַם אַראָפּגײן
פֿון שיף, װען זײ קומען־אָן אין יאַפֿע. די שיפֿן, װעלכע קומען־אָן
אין יאַפֿע, גײען נישט דירעקט אַרײַן אין האַפֿן. זײ בלײַבן שטײן אַ
רעכטע שטיק אױסער דעם האַפֿן און די פּאַסאַזשירן װערן פֿון זײ
אַראָפּגענומען אין לאָדקעס [קלײנע שיפֿלעך]. די לאָדאָטשניקעס זענען
אָבער אַראַבער און זינט דעם פּאָגראָם אין יאַפֿע האָבן זײ באָיקאָ־
טירט די ייִדישע פּאַסאַזשירן. דערשמעקן זײ נאָר אַ ייִדישן פּאַסאַ־
זשיר, זאָגן די זיך אָפּ אַראָפּצונעמען אים פֿון שיף און אים אַרײַנ־
פֿירן אין האַפֿן. אָט טאָקע, דעם טאָג, װען איך בין אָנגעקומען
אין אַלעקסאַנדריע, האָב איך געלעזן אין די צײַטונגען, אַז צװײ ייִדישע
פּאַסאַזשירן, װעלכע זענען געפֿאָרן מיטן שיף אין יאַפֿע, האָבן נישט
געקאָנט לאַנדן, װײַל די אַראַבער־לאָדאָטשניקעס האָבן זײ נישט גע־
װאָלט נעמען אין זײערע לאָדקעס זײ צו ברענגען צום ברעג. זײ האָבן
דעריבער געמוזט פֿאָרן מיטן שיף װײַטער, ביז כאַיפֿע און ערשט
דאָרטן האָבן זײ געלאַנדעט.
װעלנדיק אױסמײַדן די ביטערע דערפֿאַרונגען, װאָס אַנדערע
ייִדישע פּאַסאַזשירן האָבן דורכגעמאַכט, פֿאָרנדיק מיטן שיף קײן יאַפֿע,
האָב איך באַשלאָסן צו פֿאָרן בעסער מיט דער יבשה. איך בין דעריבער
געפֿאָרן פֿון אַלעקסאַנדריע קײן קאַהיר, פֿון קאַהיר קײן קאַנטאַרע, װוּ
מען גײט אַריבער די עגיפּטישע גרענעצן און פֿון דאָרטן איבער דעם
סועץ־קאַנאַל דורכן מדבר און ארץ־פּלישתּים קײן ארץ־ישׂראל.
די רײַזע מיט דער אײַזנבאַן איז אָנגענעמלעך נישט קײן לאַנגע.
װען מען זאָל פֿאָרן דירעקט און נישט מאַכן אַזעלכע לאַנגע הפסקות
אױפֿן װעג, װאָלט עס אַפֿילו מיט דער שלעפּעדיקער עגיפּטישער
און פּאַלעסטינעדיקער אײַזנבאַן נישט דױערן מער, װי 12 שעה פֿון
אַלעקסאַנדריע ביז ירושלים. זענען אָבער די באַנען אין עגיפּטן און
פּאַלעסטינע אײַנגעאָרדנט אומישנע אַזױ, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן
אַרױסגעשלעפּט װערן. די אײַזנבאַן־אַדמיניסטראַציע האָט בײַם אױס־
שטעלן די פֿאָרפּלאַנען שױן געטראַכט דערפֿאַר, אַז װוּהין איר זאָלט
נישט דאַרפֿן פֿאָרן אין עגיפּטן און פּאַלעסטינע, זאָלט איר מוזן
איבערבײַטן די באַן װײַניקסטנס אַ פּאָר מאָל און יעדעס מאָל זאָלט

איך מוז וואַרטן עטלעכע שעה אויף אַן אָנשלוס. און וואַרטן דאַרפט איר דווקא אונטערן פרייען הימל. אמת, עס זענען עפּעס יאָ פאַראַן וואַקזאַלן. אָבער דאָס זענען אַ מין קליינע חזיר־שטעלכלעך, אין וועלכע איר ווילט אפילו נישט אַריינגיין. און מייסטנס, איז טאַקע נישטאָ, וווּ אַריינצוגיין. דערפאַר אָבער צאָלט איר פרייזן פאַרן פאָרן, אַז די קעשענע הויבט־אָן צו קרעכצן. עס שיינט, אַז זיי רעכענען דאָרטן אַריין אין די פרייזן פון די באַן־בילעטן נישט בלויז די צייט פון פאָרן, נאָר אויך די צייט פון וואַרטן. און מייסטנס וואַרט מען מער, ווי מען פאָרט.

נאָר, ווער רעכנט זיך עס מיט געלט, ווען מען פאָרט אין ארץ־ישׂראל? מען האָט מיר שוין פאָרויסגעזאָגט, אַז ארץ־ישׂראל איז אַ טייערע מדינה און אַז איך זאָל זיך גרייטן פאַר אַ גרויסער לאָך אין מיין קעשענע. דער עיקר איז, אַז מען זאָל מיך נאָר אַריינלאָזן. אמת, טאַקע, עס איז מיין לאַנד, באַלפור אַליין האָט בפירוש אַזוי דערקלערט. אָבער אונטערוועגס דערציילט מען מיר פאַרשיידענע געשיכטן, ווי אַזוי מען לאָזט דאָך נישט אַריין ייִדן אין זייער לאַנד. גוים לאָזט מען אָבער ייִדן נישט. דערביי ווייזט מען מיר אַ געשיכטע געדרוקט אין ארץ־ישׂראלדיקע צייטונגען, וווּ עס ווערט דערציילט ווי אַזוי צוויי פּאָליאַקן, אמתע, כשרע גוים, האָבן געמוזט ליידן צוליב דעם, וואָס מען האָט זיי אָנגענומען פאַר ייִדן. מען האָט זיי נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין לאַנד, נישט־קוקנדיק אויף זייערע פאַרזיכערונגען, אַז זיי זענען גוים בני גוים און אַז זיי פאָרן קיין ארץ־ישׂראל בלויז מיטן איינציקן צוועק צו באַזוכן דעם קבר פון יעזוס קריסטוס און אויסצובעטן אַ גוט יאָר. מען האָט זיי אַזוי לאַנג נישט געגלייבט, ביז מען האָט זיי געמאַכט אַ קערפּערלעכע אונטערזוכונג און מען האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי זאָגן אמת, אַז זיי זענען טאַקע ווירקלעכע גוים, און דאַן האָט מען זיי אַריינגעלאָזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פון אַזעלכע מעשׂיות ווערט מיר נישט פריילעך אויפן האַרצן, און זייענדיק אין טריעסט, גיי איך אַריין זוכן טרייסט ביים ענגלישן קאָנסול. איך ווייז אים מיין פּאַס, אויף וועלכן עס געפינט זיך מיין ענגלישע וויזע, און וועלכער

עס שטייט בפירוש, אַז איך מעג אַריינפאָרן קיין פּאַלעסטינע. איך האָב איהם געפרעגט, אויב ס'איז מעגליך, אַז מ'זאָל מיך מיט אַזאַ וויזע נישט אַריינלאָזען. איך וואַרט, דאָס ער זאָל מיר ענטפערן, אַז ס'איז נישט מעגליך. וואָס הייסט: אַ בפירושע וויזע מיט שטעמפּלען, מיט מאַרקעס, מיט אונטערשריפטען! נאָר דער קאַלטער ענגלענדער איילט זיך נישט מיר צו טרייסטען. פאַרקערט, ער דערציילט מיר, אַז ס'האָט שוין פּאַסירט, דאָס מ'האָט אויך מיט אַזעלכע וויזעס ווי מיינע, נישט אַריינגעלאָזט. ער קאָן דעריבער מיר קיין שום פאַרזיכערונג נישט געבען. דאָס איינציגע, וואָס ער קאָן טאָן פאַר מיר, איז — אַרויפשטעלען אַ נייעם שטעמפּעל אויף מיין פּאַס.

———

נאָר וואָס בין איך שוין אין קאַנטאַרע, און איך וויל באַלד וויסען מיין גורל. קאַנטאַרע איז די גרענעץ צווישען מצרים און ארץ-ישראל. ביי איין טישעל זיצען צוויי באַאַמטע: איינער אַן ענגליש-עגיפּטישער, און דער צווייטער — אַן ענגליש-פּאַלעסטינער. דער ערשטער רעוויזירט אייער פּאַס פאַר עגיפּטען, און דער צווייטער — פאַר פּאַלעסטינע. און יעדער האָט זיך זיין אייגענעם שטעמפּעל. מיטן ערשטען בין איך שנעל פאַרטיק געוואָרן. ער האָט אַרויפגעשטעמפּעלט זיין שטעמפּעל, אַז איך פאָר-אַרויס פון עגיפּטען — און פאַרטיק. מיט דעם צווייטען אָבער איז שוין צוגעגאַנגען נישט אַזוי שנעל. ערשטענס, האָט ער זיך פאַרינטערעסירט, און וואָס איך גלויב, דאָס הייסט, וואָס מיין רעליגיע איז, וואָרום דאָס אין מיין פּאַס איז אַלץ געשריבען, אַפילו וואָס פאַר אַ נאָז איך האָב, אָבער עס שטייט דאָך נישט אין איהם, און וואָס איך גלויב. ענטפער איך איהם, אַז אַפּיציעל געהער איך צו דער רעליגיע פון דעם פאָלק, וועמען באַלפור האָט אין נאָמען פון דער ענגלישער מלוכה צוגעזאָגט אַוועקצוגעבען ארץ-ישראל. ווייס שוין, אַלזאָ, דער באַאַמטער, אַז איך בין אַ ייד און ווען ער דערוויסט זיך עס, האָט ער פאַר מיר אַ גאַנצען פּעקל פראַגען: ערשטענס, צוליב וואָס פאָר איך קיין פּאַלעסטינע; צווייטענס, ווי לאַנג קלער איך זיך דאָרט אויפצוהאַלטען: דריטענס, וואָס האָב איך בדעה צו מאַכען פאַר דער צייט, וואָס איך וועל זיך אויפהאַלטען אין פּאַלעסטינע און אַזוי ווייטער. פאַרזיכער איך דעם באַאַמטען, אַז איך פאָר קיין

פּאַלעסטינע בלויז אויף אַ קורצע צײַט, אַז איך בין אַ טוריסט, און מײַן איינציקער צוועק איז בלויז אָנקוקן דאָס לאַנד, אויסגעבן דאָרט אַ פּעקל אַמעריקאַנער דאָלאַרן און גוט אָפּקומען פֿאַר זיי, און דאַן פֿאָרן צוריק. און טאָמער צווייפֿלט ער, אַז איך בין אַ טוריסט, טאָ זאָל ער אַ קוק־טאָן אויף מײַן פּאַס, זיך אָנזען, וויפֿל שטעמפּלען ער האָט און וויפֿל לענדער איך בין שוין אויסגעפֿאָרן. דער אַרגומענט מײַנער ווירקט. מײַן פּאַס מיט דער אומגעהויערער גרויסער צאָל שטעמפּלען, וואָס ער האָט אין די פֿאַרשיידענע מדינות באַקומען, זעט־אויס ווי אַ לאַנד־קאַרטע און מאַכט אַן אײַנדרוק. דער באַאַמטער האָט דעריבער צוגעלייגט צו אים נאָך אַ שטעמפּל און מיר דערלויבט צו פֿאָרן. און טאַקע אַ שטעמפּל מיט העברעיִשע ווערטער: „רשות להכנס לפלשתינה [א״י]״. דאָס אײַנגערינגלטע „א״י״ איז אין גאַנץ קליינע אותיותלעך, און דאָס איז ראשי־תיבֿות פֿון ארץ־ישׂראל.

און ווען איך האָב שוין באַקומען די דערלויבעניש צו פֿאָרן, האָב איך זיך פֿאַרקלערט איבער פֿאַרשיידענע זאַכן: ערשטנס, צי וואָס איז נויטיק צוויי באַזונדערע באַאַמטע בײַם רעווידירן די פּעסער. אייגנטלעך, איז עס דאָך דיזעלביקע ענגלאַנד, וואָס רעווידירט די פּעסער בײַ׳ר עגיפּטן און פּאַלעסטינע, — קאָן עס דאָך טאָן איין באַאַמטער, היינט צו וואָס נאָך צוויי — אַן ענגליש־עגיפּטישער און אַן ענגליש־פּאַלעסטינער? דער אמת איז דאָך, אַז ס׳איז דיזעלבע יענטע, היינט צו וואָס דאָס שפּיל מיט די פֿאַרשיידענע שלייערס? מילא, — ענטפֿער איך מיר, — זאָלן צוויי האָבן וואָס צו עסן. עס זענען פֿאַראַן אין ענגלאַנד אַ סך מענטשן, וועלכע דאַרפֿן האָבן שטעלעס, טאָ זאָלן זײַן צוויי אַנשטאָט איינעם. און ווערנדיק פֿאַרטיק מיט אָט דער פֿראַגע, פֿאַרקלער איך מיך באַלד אויף אַ צווייטער: פֿאַרוואָס — פֿרעג איך מיך, — האָט די ענגלישע רעגירונג געזשאַלעוועט אויסצושרײַבן דעם נאָמען „ארץ־ישׂראל״ אין גאַנצע ווערטער, אַנשטאָט עס צו שרײַבן אין ראשי־תיבֿות פֿון צוויי אותיות, און דערצו נאָך אין אַזאַ קליינער שריפֿט, אַז מען זעט עס קוים אָן? זעט עס נישט אויס — טראַכט איך ווייטער, — אַז די ענגלישע רעגירונג האָט געוואָלט די ווערטער „ארץ־ישׂראל״ עפּעס ווי באַהאַלטן?

**נאָר** אַזוי טראַכטנדיק, קומט צו מיר צו מײַן מיטרײַזנדיקער. אַ שווייצאַרישער אינזשינער, אַ גוי, מיט וועלכן איך בין נאָענט באַקאַנט געוואָרן אויפֿן וועג, פֿאָרנדיק מיט אים אין איין קאַיוטע פֿון טריעסט קיין אַלעקסאַנדריע, און ער פֿרעגט מיך, פֿאַרוואָס דער ענגלישער אימיגראַציע־באַאַמטער האָט מיך אַזוי לאַנג אויפֿגעהאַלטן און האָט מיך אַזוי פֿיל אויסגעפֿרעגט, בעת אים האָט ער קיין זאַך נישט געפֿרעגט, נאָר האָט אים אָפּגעשטעמפּלט דעם פּאַס און געלאָזט גיין. עס איז מיר דאָס מאָל ווירקלעך געווען אַ בזיון פֿאַר אַ באַקאַנטן גוי. איך האָב זיך געשעמט אים צו דערציילן, אַז מיט מיר איז מען זיך אַזוי באַגאַנגען צוליב דעם, וואָס איך פֿאָר אין „מײַן" לאַנד. איך האָב אים בעסער פֿאַרדרעט די צין, אַז מיך האָט מען דעריבער לענגער אויפֿגעהאַלטן און אויסגעפֿרעגט, ווײַל איך בין אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון אַ צײַטונג [אין דער אמת, האָב איך זיך פֿאַר דעם ענגלישן באַאַמטן נישט אָנגעגעבן אַלס קאָרעספּאָנדענט]. דער תּירוץ איז אַראָפּגעגאַנגען פֿאַר גוט געלט, נאָר איך האָב אויפֿגעהערט ווײַטער צו טראַכטן. מיר איז סתם געוואָרן אַזוי קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן. איך האָב עפּעס געפֿילט אַ טיפֿע באַליידיקונג. עס איז געווען דאָס ערשטע לאַנד אין מײַן לאַנגער רײַזע, ווו מען האָט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן מיך און אַ קריסט. און דאָס דאָזיקע לאַנד איז געווען — ארץ־ישׂראל...

נאָר אַ ייִד איז געוווינט צו באַליידיקונגען. אמת, אויף דער גאַנצער רײַזע מײַנער האָט עס קיין איינציק מאָל נישט פּאַסירט, אַז מײַן ייִדישקייט זאָל מיר פֿאַרשאַפֿן וועלכע־עס־איז אומבאַקוועמלעכקייט; אין קיין לאַנד האָט מען זיך נישט אינטערעסירט, אויב איך שטאַם פֿון דער פֿאַמיליע שם, צי פֿון דער פֿאַמיליע יפֿת; אויב איך גלייב בלויז אין איין פֿאָטער גאָט, אָדער אויך אין אַ זון מיט אַ מאַמען. איך בין אומעטום געווען אַן אַמעריקאַנער בירגער, און אויב איך בין אַ ייִד, אָדער אַ גוי, האָט מיך קיינער נישט געפֿרעגט! ווען איך האָב באַדאַרפֿט אַרײַנקומען אין וועלכן־עס־איז פֿרעמדן לאַנד. נאָר פֿון וואַנען בין איך עס געוואָרן אַזאַ יחסן? ווילאַנג איז עס נאָך, ווען מען האָט מיר מײַן ייִדישקייט דערמאָנט אויף שריט און טריט, און איך האָב פֿון איר געהאַט אָפּגעשניטענע יאָרן? אינגאַנצן

בלויז אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר. נישט מער, אַ מענטש געווינט זיך גיך איין צו ווערן אַ מפונק. שלעכטע צייטן פֿאַרגעסט מען שנעל. פֿאַרגעסן די כּיבודים, וואָס מען האָט מיר געגעבן אַמאָל אין רוסלאַנד פֿאַר מיין ייִדישקייט, און בין געוואָרן אַזאַ מפונק, האָס איך קאָן נישט פֿאַרטראָגן, אַז אַן ענגלישער באַאַמטער מאַכט מיר אַ ביסל אומבאַקוועם מיט זיינע פֿראַגן, צוליב דעם, וואָס איך בין אַ ייִד און מיר האָט זיך פֿלוצלונג פֿאַרגלוסט פֿאָרן קיין ארץ-ישראל. און אַזוי פֿילאָזאָפֿירנדיק, איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען מיין כּעס, האָב אָנגעהויבן פֿאַרגעסן מיין באַליידיקונג און האָב זיך פֿאַרקוקט אויפֿן גרויסן זאַמדיקן מדבר, דורך וועלכן דער צוג איז געלאָפֿן.

דער מדבר, וועלכער הייבט זיך אָן באַלד נאָך קאָנטאַרע, איז אין אַלגעמיין נישט אַזאַ וויסטעניש, ווי מען שטעלט זיך פֿאָר פֿון דעם וואָרט „מדבר“. אין אַנדערע ערטער זעט מען אַ ביסל גראָז, וווּ-נישט-וווּ באַווייזט זיך אַ בוים, טאַקע אַן איינזאַמער בוים, וועלכער מאַכט די וויסטעניש בולטער. אָבער ער גיט דאָך די מעגלעכקייט דעם וואַנדערנדיקן בעדוינער זיך אַוועקצולייגן אין זיין שאָטן און זיך אַ ביסל אָפּקילן פֿון די הייסע זון-שטראַלן, וועלכע ברענגען אַזוי שטאַרק אין דעם גרויסן זאַמד-ים.

וואָס אַ שאָטן פֿון אַ בוים באַטייט, קאָן מען ערשט פֿאַרשטיין, ווען מ'איז אין פּאַלעסטינע, אָדער אין דער געגנט אַרום פּאַלעסטינע. די זון ברענט ווי אַ פֿייער, עס איז אַזוי הייס, אַז אייך דוכט זיך, אַז איר ווערט אָפּגעבראָטן אַ לעבעדיקער. געפֿינט איר אָבער אַ בוים אַוועקצולייגן זיך אין זיין שאָטן, זייט איר אַ געראַטעוועטער. אין שאָטן פֿון דעם בוים איז קיל. דאָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פֿאַר פּאַלעסטינע און איר אומגעגנט. אין ערגעץ איז דער אונטערשייד אין טעמפּעראַטור צווישן זון און שאָטן נישט אַזוי גרויס, ווי אין פּאַלעסטינע. דאָס דערקלערט זיך, וואַרשיינלעך, דורך דער טרוקנקייט פֿון דער לופֿט אין פּאַלעסטינע. נאָר לאָמיר זיך נישט אַריינלאָזן אין אַן אָפּהאַנדלונג פֿון פֿיזיק. דער עיקר איז דער פֿאַקט, אַז אַ שאָטן פֿון אַ בוים פֿאַרשטייט איר דאַן אָפּצושאַצן, ווען איר זייט אין פּאַלעסטינע, אָדער אין דער מדבר, דורך וועלכן מען פֿאָרט קיין פּאַלעסטינע. און עס איז דעריבער פֿאַרשטענדלעך,

דאָס אין תנ"ך ווערט אַזוי אָפּט דערמאָנט דאָס וואָרט שאָטן (צל) אַלס באַקוועמלעכקייט און קאָמפאָרט.

ענדלעך זענען מיר דורכגעפאָרן דעם מדבר און מיר זענען אַריינגעקומען אינם לאַנד פון די פּלישתּים. ווו דאָס לאַנד פון די פּלישתּים הויבט זיך אָן און ווו ס׳ענדיקט זיך, ווייס איך נאָך עד־היום נישט. עפּעס האָט די מדינה פון די פּלישתּים געמוזט זיין נישט איבעריק גרויס, נאָר מיר האָט ווייניקער אינטערעסירט די געאָגראַפיע פון די פּלישתּים, ווי די נעמען פון די שטעט, וועלכע איך בין דורכגעפאָרן אָדער פאַרביי־געפאָרן: אַשדוד, אַשקלון, גת, עזה — אַזעלכע אַלטע באַקאַנטע נעמען פון מיינע חדר־יאָרן, וועלכע איך האָב, דייענדיק אַ יינגל, זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי זענען פאַראַן בלויז אין תנ"ך, אָבער אין דער ווירקלעכקייט זענען אַזעלכע שטעט גאָר נישטאָ. אַזאַ פאָרשטעלונג האָב איך אין מיינע חדר־יאָרן אויך געהאַט וועגן מילגרוימען. רמון — אַ מילגרוים, האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, איז פאַראַן בלויז אין חומש, אָבער אַז אַזאַ פּרי זאָל נאָך אויך איצט עקזיסטירן — דאָס איז מיר אַפילו נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן.

די פּלישתּים האָב איך אין מיינע חדר־יאָרן זייער פיינט געהאַט. עפּעס אַ קלייניקייט, וועלכע צרות זיי האָבן אָנגעטאָן די ייִדן! ווען דעם, אַז די ייִדן האָבן אויך געטון גענוג צרות אָנגעטאָן די פּלישתּים, האָב איך דאַן נישט געטראַכט. די קונסט פון שרייבן געשיכטע איז שוין אַ גאַנץ אַלטע. שוין מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן די פעלקער פאַרשטאַנען צו שרייבן געשיכטע אַזוי, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען גאָלע צדיקים און זייערע פיינט גאָלע רשעים. פון דער געשיכטע אין תנ"ך האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז די פּלישתּים זענען געווען די גרעסטע רשעים, און איך האָב זיי פיינט געהאַט תכלית שנאה. ווען איך כאַפּ דאַן אַ פּלישתּי, דערשטיק איך אים, נישט־פאַרגנדיק אַפילו זיין נאָמען. נאָר אַשדוד, אַשקלון, עזה זענען דאָך נעמען פון תנ"ך, פונם אַלטן תנ"ך, וואָס יעדעס וואָרט פון אים איז אַמאָל געווען ביי מיר הייליק. און עס דערוועקן זיך אין מיר מיינע חדר־יאָרן. איך דערמאָן זיך אָן די פאַרשיידענע מעשיות, וועלכע ווערן דערציילט אין תנ"ך וועגן די פּלישׁ־

תים און זייערע שטעט, און איך ווער שטאַרק פאַרינטערעסירט צו וויסן, אַז די איצטיקע שטעט אַשדוד, אַשקלון און עזה זענען טאַקע די־זעלביקע, וואָס אין די צייטן פון תנ"ך. עפעס גלויבט זיך מיר אַלײן נישט, אַז דאָס זענען דיזעלבע שטעט. די פלישתים זענען שוין לאַנג נישטאָ, עס איז פון זיי קיין שריד ופליט נישט געבליבן. און וויפיל איך מאַטער זיך אויסצוגעפינען אין מיין זכרון, ווו כדי פלישתים זענען אַהינגעקומען, קאָן איך דאָך קיין שפור פון זיי נישט געפינען. איך געדענק בלויז די געשיכטע פון די פלישתים, וואָס אין תנ"ך, ווייטער אָבער קאָן איך קיין זאַך נישט געדענקען וועגן זיי. און איך האָב, דאַכט זיך, אַמאָל געלעזן וועגן די פלשתים און זייער עקזיסטענץ נאָכן פעריאָד פון תנ"ך. איך האָב עס אָבער פאַרגעסן, איך געדענק בלויז, אַז אין דער געשיכטע ווערט באַהויפּטעט, אַז פון די אַלע פעלקער, וועלכע לעבן אין פאַלעסטינע און איר אומגעגנט, זענען די פלשתים געווען די איינציקע, וועלכע האָבן נישט באַלאַנגט צו דער סעמיטישער ראַסע. און איך גיב מיר דערביי אַ טראַכט, אַז אפשר איז דאָס טאַקע געווען איינע פון די וויכטיקסטע אורזאַכן וועגן דער גרויסער פיינטשאַפט וואָס האָט עקזיסטירט צווישן די יידן און די פלשתים.

און אַזוי פאַרנדיק דורך דעם לאַנד פון די פלשתים דערמאָן איך זיך אָן דעם פסוק: „ויהי בשלח פרעה את העם ולאנחם אלהים דרך ארץ פלשתים כי קרוב הוא". און איך דערמאָן זיך ווי דער רבי האָט מיר פאַרטייטשט דעם פסוק וואָרט ביי וואָרט און עס איז געווען, ווען פרעה האָט אַרויסגעשיקט דאָס יידישע פאָלק, האָט גאָט זיי נישט געפירט מיט דעם וועג דורך דעם לאַנד פון די פלשתים, ווייל ער איז אַ נאָענטער. ווירקלעך אַ נאָענטער, טראַכט איך מיר. ווען די יידן גייען פון מצרים אין ארץ־ישראל דורך דעם לאַנד פון די פלשתים, וואָלטן זיי אַ סך גיכער געקומען. און איך באַוווּנדער דערביי ווי גוט גאָט האָט עס געקאָנט געאָגראַפיע...

נאָר אַזוי טראַכטנדיק וועגן די פלשתים, איז דער צוג שוין דורכגעפאָרן דאָס אַמאָליקע פלשתים־לאַנד און דער קאָנדוקטאָר רופט־אויס: סטאַנציע לודן

לוד, אַן אַלטער באַקאַנטער נאָמען. אין תנ״ך איז די שטאָט לוד נישט דערמאָנט, אָבער איך געדענק די שטאָט זייער גוט פון דער גמרא. „תגרי לוד״ (די סוחרים פון לוד), עפּעס אַ קליינינקייט וויפיל געווינס האָט דער רבי מיר וועגן זיי אַרויסגענומען. ווי לע־בעדיק שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן דאָס בלאַט גמרא וועגן די „תגרי לוד״ אַ קליין שטיקל גמרא מיט אַ ריזיק גרויסן בויך תוספות, און מיין רבי שמעון דער ווישינטער, אַ קליין יאָדריק יידל, שטייט מיט זיין פאַרשמאָלצענעם רימענדל אין דער האַנט און קנעלט מיט אונז אַריין די שיטה פון „תגרי לוד״ מיט דעם ריזיק גרויסן בויך תוספות, וואָס וואַרפט אָן אויף מיר אַ מורא. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן אין אַ ים, אין אַ תוספות־ים, אין וועלכן איך מיט מיינע חברים מיטן רבין צוזאַמען וועלן דערטרונקען ווערן. און אָט בין איך אין דערוועלביקער לוד! און אָט זע איך פאַרשיידענע תגרים (הענדלער) אויף דער באַן־סטאַציע פון לוד. זענען עס אייניקלעך פון די אַמאָליקע תגרי לוד? זענען די אַמאָליקע תגרי לוד געוועזן ענלעך צו די היינטיקע? אסור, אויב עס האָט געלוינט אַוועקצוגעבן אַזוי פיל געווינס וועגן זיי.

---

אין אַ פּאָר שעה אַרום דאַרפן מיר אָנקומען אין ירושלים. דער אייזנבאַן־וועג פון לוד אין ירושלים שלענגלט זיך צווישן די הרי יהודה, גרויסע נאַקעטע בערג מיט אַ טונקל־בלוילעכן קאָליר, ווו נישט ווו זעט מען אין טאָל אַ קליין אַראַבישע דערפל און סטאַ־דעס שאָף און ציגן, וועלכע פּיטערן זיך אויפן מאָגערן, קאַרגן גראָז. ארץ־ישראלדיקע ציגן מיט לאַנגע אַראָפּגעהאָנגענע אויערן און מיט צניעותדיקע פרומע פּנימער.

די גאַנצע געגנט פון לוד ביז ירושלים איז אַן אַראַבישע, אויף וויפיל די געגנט איז איבער־הויפּט באַפעלקערט. עס איז נישט קיין אַ ווייסטע געגנט, ווו בלויז ערטערווייז, אויף אויסגעקליבענע שטיקלעך לאַנד זעט מען אַראַבישע ערד־אַרבעטער און אַראַבישע קברים־הייזלעך.

נאָר אָט איז ירושלים! שלענגלענדיק זיך דורך די בערג, קאָן מען ירושלים פון ווייטן נישט זען. די שטאָט באַווייזט זיך

פלוצלונג, אָט דערזעט איר די שטאָט און אָט איז דער צוג שוין אויף דער אײזנבאַן-סטאַציע מיט דעם גאַנצן גערודער און געפּילדער, מיט װעלכע אײזנבאַן-סטאַציעס אין אָריענט צײכענען זיך אויס.

ירושלים! אַ ים געפילן און געדאַנקען האָבן זיך אַ גאָס געטון. נאָר מען גיט אײך קײן צײט צו פילן און צו דענקען. אײדער איך האָב נאָך צײט געהאַט אַ קוק צו טון, האָבן שוין אַ פּאָר אַראַבישע טרעגער געשלעפּט פון װאַגאָן מײנע פּעקלעך און אַ האָטעל-פּאָרטער האָט מיך שוין געהאַלטן פאַרן האַנט און אַרײנגעזעצט אין אַ „פֿאָרד” און ער האָט מיר אפילו קײן געלעגנהײט נישט געגעבן גוט אָנצוקוקן, װי דער ירושלימדיקער װאָקזאַל זעט אויס.

# אין דער הייליקער שטאָט

דער „פאָרד" האָט מיך געבראַכט צו פירן אין אַ ייִדישן האָטעל, וועלכער געפינט זיך בײַ דעם טויער פון יאפע און קעגן־איבער מצודת דוד. אין אַמעריקע קאָן מען אַזאַ האָטעל רעכענען אַלס אַ דריט אָדער אפילו אַ פירט־קלאַסיקן, אין ירושלים אָבער, רעכנט ער זיך אַלס אַ ערשט־קלאַסיקער — אַזוי פאַרזיכערט מיר דער האָטעל־פּאָרטער. שטרייט איך זיך נישט מיט אים און האָב אין זינען, אַז איך שטיי איין אין אַן ערשט - קלאַסיקן האָטעל און וועל דאַרפן צאָלן אַן ערשט־קלאַסיקע רעכנונג.

אַרומקוקנדיק די אומגעבונג פון מיין האָטעל, האָב איך אויסגעפונען, אַז האַרט בײַ זיין זייט געפינט זיך אַ סאַזשעלקע מיט גרינלעכע וואַסער. פון וואַנען נעמט זיך דאָ אין מיטן דרינען אַ סאַזשעלקע? מיין אַלוויסנדער האָטעל־פּאָרטער קאָן עס מיר נישט דערקלערן. ער פאַרזיכערט מיר בלויז, אַז די סאַזשעלקע עקזיסטירט פון קדמונים אָן, אַז זי איז אַזוי אַלט ווי די שטאָט ירושלים און אפשר נאָך עלטער. פאַלט מיר איין אַ שטיקל לומדות: אויב די סאַזשעלקע איז אַזאַ אַלטע, זאָג איך, האָט זיך עס אין איר גע־מוזט באָדן בת־שבע, ווען דוד המלך איז געשטאַנען אויפן מצודת דוד און האָט קוקנדיק אויף איר, זיך אין איר פאַרליבט. שטימט מיט מיר דער האָטעל־פּאָרטער איין, אַז איך האָב רעכט, ווייל קיין אַנדער סאַזשעלקע איז נישטאָ קעגן מצודת דוד, וווּ בת־שבע האָט זיך געקאָנט באָדן, אַז דוד המלך זאָל קאָנען אויף איר קוקן, אָבער דערבײַ דערקלערט ער מיר, אַז מיין ערפינדונג איז נישט קיין אָריגינעלע, ווייל אַנדערע געסט פון האָטעל זענען שוין לאַנג פריער פון מיר געפאַלן אויף דערזעלביקער סברא. מילא, פאַרפאַלן. עס איז שווער אין די איצטיקע יאָרן צו מאַכן אָריגינעלע ערפינ־דונגען.

---

ירושלים איז אַ װוּנדערבאַרע שײנע שטאָט, װען מען קוקט אויף איר פון װײטן. עס איז אײנע פון די שענסטע פּאַנאָראַמעס, װעלכע איך האָב װען עס איז געזען. און מיר דוכט, אַז קײן פּאָעט האָט נאָך ביז איצט נישט געזונגען שטאַרק באַזונגען די שײנקײט פון דער הײליקער שטאָדט. די אַלע באַשרײַבונגען װעגן דער װוּנ־דער־שײנער פּאַנאָראַמע פון ירושלים גיבן בלויז אַ שװאַכע פאָרשטעלונג װעגן איר װירקלעכער שײנקײט. נאָר דאָס איז אַלץ געװעדט, װען מען קוקט אויף ירושלים פון װײטן. װען מען איז אָבער אי־נעװײניק, אין דער שטאָט, פאַרנעמט שוין די הײליקײט דעם אָרט פון דער שײנקײט. און הײליקײטן, װי איר װײסט, זענען געװײנלעך באַדעקט מיט שטויב און שימל און האָבן אַ שטאַרקן ריח, אין דער שטאָט גופא איז נאָר נישקשהדיק שמוציק און אין מאַנכע ערטער שוין גאָר שטאַרק שמוציק. װען איר קומט, אַלזאָ, אין ירושלים, זאָלט איר תמיד האָבן אין זינען דאָס אויסערלעכע אויס־זען פון דער שטאָט און נישט דאָס אינערלעכע. נאָר אַ װוּנדער־שײנעם נאַכט־הימל האָט אפילו די אינערלעכע שטאָט. נײן, אַזאַ שײנער הימל װי אין ירושלים, איז אין ערגעץ נישטאָ. אפשר קאָן מען אמאָל אַזאַ הימל זען אין איטאַליע. קלאָר, אָן װעלכן עס איז שפור פון אַ װאָלקן און עכט הימל־בלוי. יעדער שטערן בליש־טשעט און פינקלט, װי אויסגעװאַשענע בריליאַנטן, װעלכע זענען אָקאָרשט אַרויס פון שלײפערס האַנט. און איר זעט דעם מילך־װעג אַזוי קלאָר אין דײטלעך װי אויף דער קאַרטע פון אַן אסטראָ־נאָמישן לער־בוך.

די לופט אין ירושלים איז טרוקן און דורכזיכטיק. אַן ערך אַכט חדשים אין יאָר גײט קײן רעגן נישט אין פּאַלעסטינע, און ירושלים, נישט האָבנדיק אַרום זיך קײן טײַכן און קײן אַנדערע װאַסערן, האָט דעריבער פאַר דעם גרעסטן טײל פון יאָר אַ פאָל־שטענדיק טרוקענע און דורכזיכטיקע לופט. און אָט די טרוקנקײט און דורכזיכטיקײט פון דער לופט גיט עס ירושלים אַזאַ קלאָרן רײנעם און װוּנדער־שײנעם הימל.

---

איך בין אָנגעקומען אין ירושלים פרייטאָג. די היץ איז געװען שרעקלעך. די זון האָט אײנפאַך געבראָטן און געבערנט װי פײער. װען אין ניו־יאָרק זאָל זײן אַזאַ היץ, װאָלטן מענטשן געפאַלן װי פליגן אין די גאַסן. אין ירושלים, אָבער, איז די היץ לײכטער צו דערטראָגן, װײל זי איז אַ טרוקענע. אין דער הײסער לופט איז נישטאָ קײן פײכטקײט. די היץ ברענט און בראָט אײך בלויז, אָבער זי קאָכט אײך נישט, װי די ניו־יאָרקער. און אַ מעלה האָט ירושלים, װאָס די גרויסע היץ האַלט אָן בלויז בײטאָג, פאַרנאַכט, אָבער, װערט עס קיל און מײסטנס בלאָזט אַ קיל װינטל, װעלכער דערפרישט אײך און גיט אײך די מעגלעכקײט דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

דעם פרײטאָגדיקן טאָג, אַלזאָ, האָב איך װײניק געקאָנט אויסנוצן. איך האָב פּרובירט ארויסגײן זען די שטאָט, אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די היץ האָט מיך צוריקגעטריבן אין האָטעל. איך האָב אָבער דאָך אַ ביסל אויסגענוצט די צײט צו באַזוכן דעם מאַרק, װעלכער איז צום גרעסטן טײל געשיצט פון דער היץ דורך פאַרשידענע געװעלבן.

דער מאַרק אין ירושלים צײכנט זיך מיט קײן זאַך נישט אויס. ער איז ענלעך צו די אַנדערע מערק אין די גרעסערע שטעט פון אָריענט. אומגעפער די זעלביקע שמאָלע, שמוציקע געסלעך, מיט די זעלביקע קרעמלעך און די זעלביקע הענדלער און קרעמער, נישט מער, ירושלימער מאַרק איז אָרעמער און ער ליגט באַרג־אַראָפּ. דורכגײענדיק דעם גאַנצן מאַרק, קלעטערט מען אַראָפּ אַ רעכט ביסל אין דער טיפעניש, װאָס מיך האָט איבערראַשט, דורכגײענדיק דעם ירושלימער מאַרק, איז געװען די גרויסע צאָל נישט־יידישע הענדלער און קרעמער. איך װעל נישט איבערטרײבן, אויב איך װעל זאָגן, אַז די גאַנצע גרויסע מאַיאָריטעט פון די קרעמער און הענדלער פון ירושלימער מאַרק זענען אַראַבער, סיריער און גריכן. שפּעטער האָב איך באַמערקט, אַז אַפילו אין די טײלן פון ירושלים, װו די באַפעלקערונג איז אַ הונדערט פּראָצענט יידישע, געפינען זיך אויך אַראַבישע און סירישע הענדלער און קרעמער. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, אַז אין דער יידישער גאַס אין װילנע זאָל אַ פּאָלאַק עפענען אַ קרעמל!

מען זאָגט תּמיד, אַז ייִדן זענען די גרעסטע בריות אין קליין־האַנדל און קליין־קרעמערײַ, וואָס קיינער קאָן מיט זיי נישט קאָנקורירן אויף דעם געביט. זענען אָבער געקומען די אַראַבער און די סיריער און האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען אין דעם פּרט נאָך גרעסערע בריות פֿאַר די ייִדן.

קליין־האַנדל און קליין־קרעמערײַ פֿאָדערט שפּאָרזאַמקייט, גראָשן־חשבונות און אומבאַשרענקטע אַרבעטס־צײַט. דער ייִדישער קליין־הענדלער דערפֿילט אָט די אַלע פֿאָדערונגען אין זייער אַ גרויסער מאָס, אָבער דער אַראַבער און סיריער יאָגט אים אין דעם אַריבער. דער אַראַבער לעבט אַ סך שפּאָרעוודיקער און קאַרגער ווי דער ייִד, און קיינער איז נישט אַזוי פּעיִק אויף חשבונות ווי דער אַראַבער, וועלכער איז גרייט זיך ממית צו זײַן פֿאַר אַ פּרוטה, און וואָס איז שייך צו אַרבעטס־צײַט איז בײַ דעם אַראַבישן הענדלער איבערהויפּט נישטאָ קיין גרענעץ. ער פֿאַנגט אָן האַנדלען גאַנץ פֿרי אין מאָרגן און האַנדלט אַזוי אַוועק ביז שפּעט אין דער נאַכט.

עס איז אמת, אַז איך האָב געפֿילט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע באַליידיקונג זעענדיק, אַז עס זענען פֿאַראַן גוים, וועלכע קאָנען קאָנקורירן מיטן ייִדן אין קליין־האַנדל, אָבער איך האָב מײַנע באַליידיקטע נאַציאָנאַלע געפֿילן געמוזט באַהאַלטן טיף אין האַרצן און האָב בלויז געקאָנט פֿאַרצייכענען דעם פֿאַקט, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען.

---

פֿרײַטאָג אין אָוונט בין איך געגאַנגען צום כּותל המערבי. דער וועג צום כּותל־המערבי פֿירט דורך דעם מאַרק. אָבער אים צו דערגרייכן מוז מען אַראָפּקלעטערן נאָך טיפֿער.

איך בין נאָך הײַנט נישט זיכער, אַז די אַלטע שטיינערנע וואַנט, וועלכע איך האָב געזען, באַלאַנגט ווירקלעך צום חורבן בית־המקדש. אַ סך היסטאָרישע הייליקייטן אין ירושלים און ארץ־ישראל אין אַלגעמיין זענען צווייפֿלהאַפֿט. נאָר וועמען, אויסער די אַרכעאָלאָגן, גייט עס אָן, אויב די היסטאָרישע הייליקייטן זענען ווירקלעכע אָדער נישט? וואָס, למשל, קימערט מיך, אַז דער קבר

פֿון מוטער רחל, וועלכן איך האָב זיך מטריח געווען צו באַזוכן, איז אַ צווייפֿלהאַפֿטער און אַז עס קאָן גרייליך זיין, אַז נישט בלויז די מוטער רחל האָט מען דאָרט נישט מקבר געווען, נאָר אַפֿילו נישט אירע אַ ווייטע קרובה? און וואָס איז דער אונטערשיד, אויב דאָס שטיק אַלטע וואַנט, וואָס איך האָב געזען, איז קיינמאָל נישט געווען קיין טייל פֿון דער מויער, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם חצר (הויף) פֿון בית-המקדש? דער עיקר איז, אַז מענטשן גלויבן, אַז דאָס איז אַזוי און מענטשן האָבן די ערטער פֿאַרהייליקט. אָט פֿאָרן קריסטן פֿון אַלע עקן וועלט צו באַזוכן דעם קבר פֿון יעזוס אין ירושלים, און מיין אַמאָליקער רבי, פּראָפֿעסאָר דרעווס באַווייזט מיט אותות ומופֿתים, אַז יעזוס קריסטוס לא היה ולא נברא, אַז יעזוס איז קיינמאָל נישט געבוירן געוואָרן, האָט קיינמאָל נישט געלעבט און ממילא קיינמאָל נישט געשטאָרבן, און אויב עס איז אַזוי, אויב יעזוס איז קיינמאָל נישט געשטאָרבן, קאָן ער דאָך נישט האָבן קיין קבר אין ירושלים. נאָר ווען מען גייט עס אָן, וואָס פּראָפֿעסאָר דרעווס זאָגט, אַבי אַ גרויסע וועלט מיט קריסטן גלויבט, אַז אין ירושלים געפֿינט זיך דער קבר פֿון יעזוס און דער אָרט איז הייליק. דער אמת איז, אַז די אַלע פֿראַגן, אויב דער כותל מערבי איז ווירקלעך אַ טייל פֿון בית-המקדש אָדער נישט, זענען מיר אַפֿילו אויף די געדאַנקען נישט אַרויפֿגעקומען, ווען איך בין צוגעקומען צו דער אַלטער שטיינערנער וואַנט. די אַנזיכט פֿון דער וואַנט האָט אין מיר איבערהויפּט אַרויסגערופֿן ווייניק געפֿילן און געדאַנקען. צוריקגייענדיק, האָב איך מיך אַליין באַוווּנדערט, וואָס איך בין געבליבן אַזוי גלייכגילטיק, דערזעענדיק דעם ערשטן מאָל אָט די באַרימטע היסטאָרישע יידישע הייליקייט. אפֿשר איז דאָס געווען צוליב דעם וואָס מיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט איז מיט אַמאָל צוגעצויגן געוואָרן אויף דעם פֿאַרשידן-פֿאַרביקן עולם יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרטן פֿאַרזאַמלט צו קבלת-שבת. עס איז אַן אינטערעסאַנט בילד, וואָס מוז פֿאַרכאַפּן איינעמס גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט. איר דערזעט פֿאַר זיך אַן עולם יידן צונויפֿגעמישט פֿון פֿאַרשידענע טיפּן און פֿון פֿאַרשידענע קאָלירן. יידן אין שטריימלעך מיט לאַנגע קאָרקן-ציער פּאות און יידן אין רויטע

פעשקעס נאָר אָן פּאות. יידן אין לאַנגע סאַמעטענע און זיידענע זופּעצעס פון פאַרשידענע געלע, גרינע, רויטע פאַרבן און יידן אין מאָדערנע קורצע רעקלעך און עס איז אַ געשריי און אַ ליאַרם, ווי איינער דעם צווייטן וואָלט וועלן איבערשרייען. נאָר, אַז איר געוויינט זיך אַ ביסל צו צו דעם ליאַרם און געפילדער, געפינט איר אויס, אַז דאָס דאַווענען דריי מנינים פאַרשידענע יידן מיט איינמאָל און יעדער מנין דאַוונט זיך אויף זיין שטייגער און שרייט אויף זיין שטייגער. איין מנין באַשטייט פון פראַנקישע, אַראַבישע און שפּאַנישע יידן, די ספרדים, ווי מען רופט זיי, און די אַנדערע צוויי מנינים באַשטייען פון אשכנזים, איינער פון חסידים און דער אַנדערער פון מתנגדים, אָדער „פּרושים", ווי מען רופט זיי דאָ. אַלע דריי מנינים דאַווענען זייט ביי זייט און אין יעדער מנין זענען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע שרייען מיט באַנומענע קולות און דאָס גאַנצע דאַווענען ווערט פאַרוואַנדלט אין אַזאַ ווילדן געפילדער, אַז איר פאַרגעסט אינגאַנצן אָן דער כותל מערבי מיט זיין היסטאָרישער היילקייט.

צוריקגייענדיק פון כותל מערבי, האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס איך בין געבליבן אַזוי גלייכגילטיק צו אים. איך האָב געפילט, ווי איך וואָלט עפּעס פאַרלוירן.

---

מיין רייזע אין ארץ ישראל האָט מיך פולשטענדיק איבערצייגט, אַז מיר פעלט דער חוש פאַר אַרכעאָלאָגיע, אַז איך האָב נישט קיין אינטערעס פאַר אַלטוואַרג.

איינגנטלעך האָב איך שוין לאַנג געהאַט אַזאַ חשד אויף זיך. דער דאָזיקער חשד האָט זיך ביי מיר דערוועקט באַזונדערס פאַרשיידענע מוזעומס. די אַרכעאָלאָגישע אָפּטיילונגען אין די מוזעומס האָבן מיך קיינמאָל נישט אָנגעצויגן. איך פלעג אַ קוק-טון און גיין ווייטער. נאָר אויב פריער איז עס געווען בלויז אַ חשד, אַז מיר פעלט דער חוש פאַר היסטאָרישע אַלטוואַרג, האָט עס מיר ארץ ישראל געמאַכט פאַר אַ זיכערהייט. איצט בין איך פולשטענדיק זיכער, אַז אַרכעאָלאָגיע באַלאַנגט נישט צו מיר.

איך האָב באַזוכט אַלע היילקע און היסטאָרישע ערטער אין

און אַרום ירושלים. וואָרום ווי טוט מען עס נישט? עס וואָלט דאָך געווען אַ בזיון אַהיים צו קומען, נישט האָבנדיק געזען די אַלע פאַרשידענע הייליקע קברים און היסטאָרישע ערטער מיט וועלכע ארץ ישראל איז אַזוי פול. איך בין דעריבער געגאַנגען זען אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. איך בין אפילו געווען אין דער שול, „שערי שמים" ביי די צוויי און צוואַנציק מקובלים, געזען זייערע משונהדיקע סדורים פון וועלכע איך האָב אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען, געזען און גערעדט מיט איינעם פון די מקובלים גופא, וועלכע איך האָב גראָד יאָ גוט פאַרשטאַנען, ווייל זיי האָבן מיט מיר נישט גערעדט וועגן הייליקער קבלה, נאָר וועגן זינדיק געלט. איך האָב אַפילו געזען דעם קבר פון יעזוס, וואָס ווייניק ייִדישע רייזנדע האָבן די זכיה צו זען, ווייל מען לאָזט זיי נישט צו. מיר האָט אָבער אָפּגעגליקט. ווייל איך בין געגאַנגען מיט אַן אַמעריקאַנער גוי, וועלכער איז געשטאַנען צוזאַמען מיט מיר אין דעמזעלביקן האָטעל. האָבן די שומרים געמאַכט אַ טעות און האָבן מיך אויך אָנגענומען פאַר אַ גוי. און געווען בין איך געווען אויפן הר המוריה און אויפן הר הזיתים און אין דעם אָמאַר מאַצעט און אין דער הייל פון כלבא שבוע און אין דעם קבר פון שמעון הצדיק און בין עקסטרע צוגעפאָרן אין בית לחם-הקיצור. איך האָב געזען אַלץ וואָס מען קאָן זען אין ירושלים און אין דער אומגעגנט. נאָר וואָס מער היסטאָרישע קברים און הייליקע ערטער איך האָב געזען, אַלץ מער איבערדריסיק זענען זיי מיר געוואָרן. איך האָב פיינט קברים ווי אַלט און ווי וויכטיק זיי זאָלן נישט זיין. איך האָב געוואָלט זען דאָס לעבן אין דער איצטיקער ארץ ישראל אָבער נישט דעם טויט און די אַלטע קברים. איך בין דעריבער זייער שטאַרק צופרידן געווען, ווען איך האָב וואָס גיכער זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַלע טויטע הייליקייטן פון ירושלים און האָב געקאָנט פאַרברענגען דאָס ביסל צייט, וואָס מיר איז איבערגעבליבן, זיך צו באַקענען מיט דעם וואָכעדיקן לעבן פון די לעבעדיקע מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין ירושלים.

---

איך בין אָנגעקומען אין ארץ-ישראל אין אַ שלעכטער צייט.

דער פּאָגראָם אין יאפּע איז נאָך געווען פריש אין זכרון און די אומרויִקע שטימונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך געפּילט אויף יעדן טריט און שריט. און די אַראַבער, באַזונדערס אין יאפּע, האָבן געטון אַלעס מעגלעכעס די אומרויִקייט צו פאַר־שטאַרקן. כמעט יעדן טאָג פלעגט מען עטוואָס הערן פון יאַפע. דאָ איז געווען אַן איבערפאַל, דאָ אַ מאָרד, דאָ אַ רויבעריי, א. אַז. וו. די יידן אין יאפע זענען אַזוי אָנגעשראָקן געווען, דאָס ביי דער קלענסטער אומאָרדנונג, וואָס פלעגט פאָרקומען אין גאַס, פלעגן זיי גלייך אָנפאַנגען פאַרמאַכן זייערע געשעפטן און זיך פאַרשליסן אין די הייזער. און ווען איך בין אָנגעקומען אין ארץ־ישראל איז שוין געווען אַן ערך פון צען וואָכן נאָכן פאָגראָם. נאָך פאַר מיין צייט ווען איך בין געווען אין ארץ־ישראל זענען אין יאפע פאָרגעקומען אייניקע מאָרדן און רויבערייען. אין דעמזעלבן טאָג, וואָס איך האָב פאַרלאָזן יאַפע, האָט אַן אַראַבער געשאָסן אַ יידישן יונגענמאַן. איך האָב דעם געשאָסענעם יונגענמאן געזען, ווען מען האָט אים אַרויסגענומען פון דעם אַמבולאַנס, וואָס האָט אים געבראַכט אין תל־אביב צום „הדסה" שפּיטאל. ער האָט נאָך געלעבט אייניקע שעה. אין אָוונט איז ער געשטאָרבן.

נאָר די שטימונג צווישן די יידן אין ארץ ישראל איז געווען אזא געדריקטע נישט אַזוי צוליב דעם פאָגראָם אין יאפע און דעם טעראָר, וואָס די אַראַבער האָבן אָנגעהאַלטן, ווי צוליב דער פּאָ־ליטישער לאַגע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן נאָכן פּאָגראָם. צו אַלער ערשט די אָפיציעלע דערקלערונג פון סעמיועל, דער „נציב העליון", וועגן דעם אויסברוך פון דעם פּאָגראָם, שטעלנדיק אים אין אַ פאַרבינדונג מיט דער ערשטער מאַי־דעמאָנסטראַציע פון די יידישע קאָמוניסטן, וועלכע איז דורך און דורך פאַלש, ווייל דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ רעכטע צייט נאָכדעם, ווי די דעמאָנסטראַציע האָט זיך געענדיקט. אַוועקשטעלנדיק דעם פּאָגראָם אין פאַרבינדונג מיט דער דעמאָנסטראַציע פון די יידישע קאָמו־ניסטן, האָט סעמיועל געשאַפן דעם איינדרוק פאַר דער אויסער־לעכער וועלט, אַז דער פּאָגראָם האָט אויסגעבראָכן אומדערוואַרטעט און נישט אָרגאַניזירט. לויט סעמיועלס דערקלערונג איז אויסגעקו־

מען, אַז די ייִדישע קאָמוניסטן האָבן מיט זייער דעמאָנסטראַציע אויפגערעגט די אַראַבער און זיי האָבן פון גרויס צאָרן אָנגעפאַנגען פּאָגראָמירן די ייִדישע באַפעלקערונג. יעדער ייִד אין יאַפאָ ווייס אָבער, אַז דאָס איז דורך און דורך אַ ליגן, יעדער ווייס, אַז די אַראַבער האָבן זיך לאַנג געגרייט צו אַ פּאָגראָם, אויך די ייִדן און יעדער ווייס, אַז די אַראַבישע פּאָליציי האָט די אַראַבער אין דעם פּאָגראָם געהאָלפן. צווייטנס, דער פאַרבאָט פון ייִדישע אימיגראַציע אין פּאַלעסטינע. דריטנס, די רעדע פון סעמיועלן דעם 3-טן יולי, אין וועלכער ער האָט אַזוי אויסגעטייטשט די אַלפור-דעקלאַראַציע, אַז פון איר איז גאָרנישט געבליבן. פערטנס, די אונטערזוכונג פון פּאָגראָם, וועלכע איז אַזוי געפירט געוואָרן צום גונסטן פון די פּאָגראָמשטשיקעס, און זי האָט דערמאָנט די אַמאָליקע רוסישע אונטערזוכונגען פון ייִדישע פּאָגראָמען. נאָר וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין פּאַלעסטינע וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן באַזונדער. איך האָב דאָ נאָר בלויז געוואָלט אָנמערקן אין וואָס פאַר אַן אומגינסטיקער צייט איך בין אָנגעקומען אין ארץ ישראל און ווי צעדרודערט די ייִדישע שטימונג איז דאָרט געווען.

אַ שטיקל באַגריף וועגן דעם פּאָליטישן צושטאַנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ ישראל נאָך דעם פּאָגראָם אין יאַפאָ, האָב איך באַקומען גלייך ווי איך בין אָנגעקומען אין ירושלים. עס האָט גראָד אַזוי פּאַסירט, אַז מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט וואָס איך האָב אין ירושלים געמאַכט איז געווען מיט דעם צענזאָר פון די ירושלימער (העברעיִשע) צייטונגען. פּאַסירט האָט עס אַזוי: אַריינגייענדיק אין לעזע-צימער פון דעם האָטעל, וווּ איך בין איינגעשטאַנען, האָב איך באַמערקט אַ יונגען מאַן זיצנדיק ביי אַ טיש און איז פאַרטון אין לעזן און מעקן פריש אָפּגעצויגענע דרוק-שפּאַלטן. ווער איך נייגעריק, איך האָב דערשמעקט דרוק-טינט. שיינט צו זיין אַ מענטש פון מיין פּראָפעסיע, אָדער אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, אָדער אַ מיטאַרבעטער, אָדער סתם אַזוי אַ שרייבער. נאָר אַז איינער איז פאַרטון אין דער אַרבעט וועל איך אים דאָך נישט אונטערברעכן מיט מיין נייגעריקייט. גראָד איז אין לעזע-צימער געזעסן נאָך אַן אַמעריקאַנער און מיר האָבן פאַרפירט אַ

שמ עס. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער יונגערמאַן האָט זיך אַריינגעמישט אין אונזער געשפּרעך. צי האָט ער עס געטון כּדי אונז צו ווייזן, אַז ער קאָן רעדן ענגליש, אָדער פּשוט צוליב דעם, וואָס אים איז איבערדריסיק געוואָרן זיין אַרבעט און ער האָט איר אויף אַ ווייל געוואָלט אונטערברעכן. און אַז מען פאַנגט שוין אָן צו רעדן האָב איך אים אַ פרעג־געטון, אויב ער איז אין דער שרייבער־פּראָפעסיע. ניין, האָט ער מיר געענטפערט. אויב אַזוי זייט מסתּמא אַ קאָרעקטאָר, האָב איך ווייטער געפרעגט. ניין, דאָס אויך נישט, האָט ער מיר געענטפערט. טאָ וואָס דען זייט איר זיך מתעסק מיט צייטונג־שפּאַלטעס, פרעג איך שוין ווייטער. איך בין אַ צענזאָר, ענטפערט ער מיר און ווערט אַפילו נישט רויט דערביי. אויב אַזוי, זאָג איך, האָב איך געמאַכט אַ שלעכטע באַקאַנטשאַפט, ווייל איך בין אַ דם־שונא פון יעדן צענזאָר. עס הייסט, אַז איר זייט אַ צייטונג־שרייבער, מאַכט ער צו מיר קאַלט־בלוטיק. איר דאַרפט אָבער פאַר מיר קיין מורא נישט האָבן, איך צענזיר בלויז צייטונגען אין ארץ ישראל אָבער נישט אין אַמעריקע. אגב וואָס איז אייך די נפקא מינה, וואָס איך בין דער צענזאָר, וואָלט איך נישט געווען וואָלט געווען אַן אַנדערער. קיין נפקא מינה איז מיר טאַקע נישט, זאָג איך, נאָר דאַן וואָלט איך יענעם פיינט געהאַט אַנשטאָט אייך.

נאָר אַזוי שמועסנדיק האָב איך זיך דערוווסט וואָס פאַר אַ שטרענגע צייטונג־צענזור עס איז איינגעפירט געוואָרן אין ארץ ישראל, נאָך דעם פּאָגראָם אין יאַפע. אַ צענזור, וועלכע איז זייער שטאַרק ענלעך צו דער אַמאָליקער רוסישער און איך האָב זיך עס אין דעמזעלביקן טאָג געקאָנט איבערצייגן. די צוויי ירושלימער טעגלעכע העברעישע צייטונגען, וועלכע זענען דערשינען, פאַרנאַכט, זענען געווען פול מיט מיט ווייסע פּליכעס. דאָס איז געווען די אַרבעט פון דעם צענזאָר, מיט וועלכן איך בין עס מיט עטלעכע שעה פריער באַקאַנט געוואָרן. דער צענזאָר האָט אויסגעמעקט אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט דער איצטיקער פּאָליטישער לאַגע אין פּאַלעסטינע. פּאָליטיק טאָר נישט דערמאָנט ווערן, וועגן זיין מאַיעסטעט דער „נציב העליון“ כּעמיועל, טאָר אַ

וואָרט קריטיק נישט געשריבן ווערן און אין אלגעמיין מאָר מען קיין זאך נישט שרייבן וואָס דעם צענזאָר געפעלט נישט. ער מעקט פשוט אויס און גייט קלאָגט אים פאַרן נתנה תוקף.

און די צענזור איז נישט בלויז אויף ציימונגען נאָר אויך אויף בריוו, וועלכע ווערן געשיקט פון ארץ ישראל. מענטשן, וועל־כע וויסן וואָס דער צענזאָר טוט מיט די בריוו, האָבן מיר דערי־בער געראָטן, אַז איך זאָל בעסער מיינע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן ארץ ישראל אָפשיקן, ווען איך וועל זיין אויף יענער זייט גרענעץ פון פאַלעסטינע, וואָרום אויב איך וועל זיי שיקן פון פּאַלעסטינע, קאָן עס גאַנץ מעגלעך זיין, אַז איך זאָל האָבן אומזיסט געשריבן. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געפאָלגט די עצה, און די פּאָסט פון פּאַלעסטינע האָט פון מיר געהאַט גאַנץ ווייניק הכנסה.

---

איך האָב נישט געקאָנט אויסגעפינען גענוי ווי גרויס עס איז די יידישע באַפעלקערונג אין ירושלים, ווייל עס איז דאָן נישט געווען קיין גענויע סטאַטיסטיק. מען האָט אין אַלגעמיין נישט גע־קאָנט וויסן גענוי ווי גרויס עס איז די צאָל פון דעם אָדער יענעם טייל פון דער באַפעלקערונג אין פאַלעסטינע, ווייל גענויע צאָלן האָבן געפעלט. דאָס איינציקע וואָס מען האָט געקאָנט טון איז שאַצן. אָפט איז אָבער דער אונטערשיד צווישן איין שאצונג און דער אַנדערער אַזאַ גרויסע, דאָס אַלע חשבונות, וועלכע איר האָט באַאַרבעט מאַכן, אויף דעם גרונד פון די צאָלן, וואָס מען האָט אייך געגעבן, ווערן אוועקגעשטעלט אונטער אַ גרויסן פראַגע־צייכן.

די איצטיקע יידישע באַפעלקערונג פון ירושלים איז געשאַצט געוואָרן צווישן 35 און 37 טויזנט. אַנדערע אָבער האָבן איר גע־שאַצט נישט העכער ווי 30 טויזנט. נאָר פאַר ירושלים איז עס גראָד נישט אַזוי וויכטיק, אויב די צאָל פון די יידן איז דאָרט מיט 5 טויזנט מער אָדער מיט 5 טויזנט ווייניקער, ווייל סיי ווי סיי, לויט אַלע שאצונגען, האָבן די יידן דאָרט אַ גרויסע מאַיאָריטעט. ווייניקסטנס איז צוויי דריטל פון דער ירושלימער באַפעלקערונג אַ יידישע.

על פי יושר האָט ירושלים געדאַרפט האָבן אַ יידישע שטאָט־רעגירונג. אין וועלכן עס איז קאָנסטיטוציאָנעל לאַנד, וווען עס

געפינט זיך אַ שטאָט מיט אַזאַ גרויסער איבערוועגנדער יידישע־מאַיאָריטעט, ווי אין ירושלים, וואָלט די שטאָט־רעגירונג געווען אַ יידישע. אָבער דאָס וואָס איז פאַר די גלות-לענדער אַ זעלבסט-פאַרשטענדלעכע זאַך, איז ווייט נישט פאַרשטענדלעך אין דעם יידישן לאַנד, ווו באַלפור האָט פאַרשפּראָכן די יידן אַ נאַציאָנאַלע היים. די שטאָט-רעגירונג אין ירושלים איז נישט קיין יידישע, ווייל אין ירושלים איז איבערהויפּט נישטאָ קיין אויטאָנאָמע שטאָט-רעגירונג, ווי מיר זענען עס געוויינט אין די קאָנסטיטוציאָנעלע גלות-לענדער. עס איז פאַראַן אין ארץ-ישראל אַן ענגלישע רעגירונג, וועלכע באַזאָרגט שוין די שטאָט ירושלים מיט אַ רעגירונג.

און אפשר איז דאָס אַ טובה, וואָס די ענגלישע אַדמיניסטראַציע אין פּאַלעסטינע האָט נישט איינגעפירט קיין אויטאָנאָמישע שטאָטישע פאַרוואַלטונגען, ווי זיי עקזיסטירן אין די קאָנסטיטוציאָנעלע גלות-לענדער. וואָרום ווען ירושלים באַקומט אַן אויטאָנאָמע שטאָט-פאַרוואַלטונג, וואָלטן דאָס ביסל היינטוועלטיקע יידן וואָס געפינען זיך דאָרטן, געווען אויף געבערענטע צרות. די פאַרוואַלטונג פון שטאָט וואָלט זיך געפונען אין די הענט פון די אָרטאָדאָקסן און חלוקה-יידן, וועלכע זענען די איבערוועגנדע גרויסע מאַיאָריטעט צווישן די יידן אין ירושלים און אין שטאָט וואָלט איינגעפירט געוואָרן אַזאַ שטרענג פרומער אָרטאָדאָקסישער רעזשים, אַז יעדער היינטוועלטיקער ייד וואָלט פון איר געמוזט אַנטלויפן וווהין די אויגן וואָלטן אים געטראָגן. ווי איר זעט קאָן מען אויף אַלץ געפינען אַ גם זו לטובה.

---

פון וואָס לעבן איצט יידן אין ירושלים? — זיי לעבן ווי אַז די אַמאָליקע צייטן פון חלוקה. אמת, די חלוקה-געשעפטן זענען זינט דער מלחמה שטאַרק געשלאָגן, ווייל פון אַזעלכע לענדער ווי רוסלאַנד, פּוילן און אונגאַרן, וועלכע פלעגן פאַר דער מלחמה אַריינברענגען אין דער חלוקה-קאַסע אַ סך געלט, קאָן מען איצט כמעט ווי גאָרנישט באַקומען. דערפאַר אָבער זאָל לעבן אַמעריקע, וועלכע פאַרלאָזט נישט. און אויסער אַמעריקע איז נאָך אויך פאַראַן אַ שטיקל וועלט ווו מען קאָן באַקומען אַ ביסל געלט. עס איז

פֿאַראַן אַן אַפֿריקע, אַן ענגלאַנד, אַן אַרגענטינע א. אַז. וו. און אַפֿילו אין דייטשלאַנד זענען נאָך פֿאַראַן יידן, וועלכע גיבן געלט פֿאַר דער חלוקה. דער קיצור איז, הגם די קאַסע פֿון דער חלוקה איז איצטער באַדייטנד מאָגערער ווי פֿאַר דער מלחמה, אָבער מען לעבט זיך ווי עס איז דורך. און אַ חוץ די אַלטע חלוקה איז צוגעקומען די נייע פֿון דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע, און וואָס עס קומט צו קומט נישט אָפּ.

אַ געוויסער טייל פֿון דער אשכנזישער יידישער באַפֿעלקערונג, אַ גאַנץ קלענער טייל, לעבט פֿון אייגענע פֿאַרדינסטן—פֿון האַנדל, מלאכה און פֿון פֿאַרשידענע אַנדערע באַשעפֿטיקונגען, ווי לערעריי, רעגירונגס-שטעלן, ציוניסטישע שטעלן, אויטאָמאָביל-שאָפֿערס, דראָזשקאַזשעס, טרעגער א. אַז. וו.

די ניי-אָנגעקומענע יונגעלייט אין ירושלים, דאָס הייסט די, וועלכע זענען געקומען אַהין זינט דער מלחמה, האָבן זיך צום גרעסטן טייל נישט שלעכט איינגעאָרדנט. אַ באַדייטנדער טייל פֿון זיי זענען געוועזענע מיטגלידער פֿון דעם יידישן לעגיאָן, מייסטנס אַמעריקאַנער. מערערע פֿון זיי האָבן באַקומען שטעלעס אין די פֿאַרשידענע קאַנצעלאַריעס פֿון דער רעגירונג. אַ טייל האָט זיך אויסגעלערנט פֿאַר שאָפֿערס און טרייבן די אויטאָמאָבילן פֿון דער רעגירונג. אַ טייל באַשעפֿטיקט זיך מיט מלאכה און אַ טייל מיט האַנדל.

איך האָב געוואָלט אויסגעפֿינען וויפֿיל יידישע אַרבעטער עס געפֿינען זיך אין ירושלים. אונטער דעם נאָמען „אַרבעטער“ האָב איך שוין אויך אַריינגענומען „האַנדלס - אָנגעשטעלטע און אויך קלויקס—דאָס הייסט אַלע די, וועלכע אַרבעטן פֿאַר שכירות. איך האָב אָבער קיין גענויע צאָלן נישט געקאָנט באַקומען. אַנדערע האָבן מיר אָנגעגעבן אַ ציפֿער פֿון 500, בעת אַנדערע האָבן דערהויבן די ציפֿער ביז 700.

פֿון אייגענע פֿאַרדינסטן לעבט אויך דער גרעסטער טייל פֿון דער יידישער ספֿרדישער באַפֿעלקערונג, די פֿראַנקען ווי מען רופֿט זיי. אַ גרויסער טייל פֿון זיי באַשעפֿטיקט זיך מיט האַנדל,

אָבער אַ גאַנץ באַדייטנדער אויך מיט מלאכה, און זיי אַרבעטן גאַנץ שווער אויף אַ לעבן.

---

די שפּראַך פון די יידן אין ירושלים איז פּונקט אַזוי פאַר־שידן, ווי די קליידער וואָס זיי טראָגן. אגב אורחא, אַ פּאָר ווערטער וועגן די יידישע בגדים אין ירושלים.

ווען איך זע אַזעלכע באַשטריימלטע יידן אין רויטע, געלע, גרינע, זיידענע און סאַמעטענע זופּעצעס אין וועלכן עס איז אַנדער אָרט, וואָלטן זיי מיר אויסגעוויזן העכסט קאָמיש. אין ירושלים אָבער האָבן זיי מיר אויסגעזעהן גאַנץ נאַטירלעך. צווישן די פאַרשידנאַר־טיקע קאָסטיומען און קאָלירן פון די אַראַבער, סיריער, טערקן, גריכן און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, פּאַסן זיך די יידישע משונה־דיקע בגדים אריין גאַנץ גוט אין רומל. פאַרוואָס אַן אַראַבישע זו־פּעצע - העמד מיט אַ טורבאַן פון מיתה משונה קאָלירן יאָ, און אַ יידישער שטריימל מיט אַ רויטער אָדער גרינער קאַפּאָטע נישט? אין דעם קאַרנאַוואַל פון אָריענטאַלישע קאָסטיומען און קאָלירן אין די גאַסן פון ירושלים זענען די יידישע שטריימלעך, די יידישע קאַ־פּאָטעס און די קאָרקן־ציער פּאות אָדער סתם גלאַטע אויסגעצוי־גענע לאַנגע בינטלעך פּאות־האָר פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, וועלכע גיבן צו דעם קאַרנאַוואַל אַ באַזונדערן אייגנאַרטיקן קאָליר.

די אָרטאָדאָקסישע אשכנזישע יידן אין ירושלים און זייערע פאַמיליעס רעדן יידיש. די ספרדישע יידן רעדן שפּאַניאָליש. די ניי־אַנגעקומענע יידן און אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים, רעדן אויף אַלע לשונות פון דער וועלט — יידיש, העברעיש, רוסיש, ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש א. אַז וו. אין אַלגעמיין איז ביי דער יוגנט פאַראַן אַ שטרעבונג צו רעדן העברעיש און אַ באַדייטנדער טייל פון איר רעדט אויך העברעיש. אמת, אַ צימליך שלעכטן און פאַרגרייזטן העברעיש, אָבער דאָך העברעיש. ווען מען גייט אַרוים פאַרנאַכט אויף דער יאַפאַ גאַס, וווּ דער יוגנט־עולם לאָזט זיך אַרוים שפּאַצירן, לאָזט זיך די העברעי־שע שפּראַך גאַנץ שטאַרק הערן. איר דאַרפט זיך אָבער פריער

צוגעוווינען צו הערן, אַז דאָס איז העברעיש, ווייל אַיידער איר געוווינט זיך צו, מיינט איר, אַז דאָס רעדט מען אַראַביש אָדער עפּעס אַן אַנדער פרעמדע אָריענטאַלישע שפּראַך. אין ארץ ישראל נעמלעך רעדט מען העברעיש מיט דער ספרדישער אויסשפּראַך און ווען מען רעדט עס גיך, קלינגט עס ווי אַראַביש.

אַ גאַנץ בכבודיקן אָרט אויף דער יאַפּער גאַס פאַרנעמט אויך די רוסישע שפּראַך. די יידישע יונגעלייט און מיידלעך, וועלכע זענען אָנגעקומען אַהער נישט לאַנג פון רוסלאַנד, רעדן אַמליבסטן רוסיש, פיל מער אָבער הערט מען די ענגלישע שפּראַך. נישט בלויז רעדן ענגליש גערן די אַמעריקאַנער יונגע-לייט, די געוועזענע לעגיאָנערן, נאָר עס ברעכט זיך אויך אויף ענגליש די היגע געבוירענע יוגנט, ווייל פון ענגליש קאָן מען האָבן עפּעס אַ תכלית, עס איז די רעגירונגס-שפּראַך...

אין אַלגעמיין איז די לופט אין ירושלים נישט קיין איבעריקס גינסטיקע פאַר העברעיש, וואָרום לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער יידישער באַפעלקערונג ווערט נאָך אין קיין אָרט פון ארץ ישראל נישט גערעדט אַזוי ווייניק העברעיש, ווי אין ירושלים. פאָרלויפיק איז ירושלים נאָך אַלץ אַ פעסטונג פון יידיש.

---

# אין דער ארץ־ישׂראלדיקער „פּאריז“.

אויסקוקנדיק אַלע הײליקע קברים און הײליקע ערטער אין און אַרום ירושלים און אַדורכרעדנדיק זיך מיט די רעדאַקטאָרן פֿון ירושלימער צײַטונגען און ענדיקנדיק מיט דעם גבאי פֿון דער מקובלים־שול „שערי־שמים“ װעגן דעם פּאָליטישן צושטאַנד אין ארץ־ישראל און װעגן די װײַטערע אויסזיכטן פֿון ציוניזם, האָב איך באַשלאָסן מיט ירושלים זיך אָפּצוגעזעגענען און פֿאָרן װײַטער. איך קאָן אָבער נישט זאָגן, אַז ירושלים איז מיר איבערדריסיק געװאָרן און אַז איך האָב פֿון איר װאָס שנעלער געװאָלט אַװעקפֿאָרן. אין געגנטײל, מיר איז ירושלים גאַנץ גוט געפֿעלן געװאָרן. איך האָב דאָרטן מאַנכע שטונדן גאַנץ אינטערעסאַנט פֿאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון פֿאַרשידענע פּערזאָנען און באַזונדערס צװישן די דאָרטיקע אַרבעטער־קרײַזן. די אַמעריקאַנער יונגעלײַט, די געװעזענע מיטגלידער פֿון יידישן לעגיאָן, װעלנדיק מיך אַרײַנקיבעצן און זיך אָפּרעכענען מיט מיר אויף דער װעלט פֿאַר מײַן קעגנערשאַפֿט צום יידישן לעגיאָן און צום ציוניזם אין אַלגעמײַן האָבן מיר געמאַכט אַ באַנקעט, אויף װעלכן מיר האָבן זער גוט פֿאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען האָט געטרונקען כּרמל װײַן און כּרמל קאָניאַק פֿון באַראָן ראָטשילדס קעלער אין ראשון לציון און פֿאַרביסן מיט ערשט־קלאַסיקע װײַן־טרויבן פֿון רחובות. איך האָב אָבער באַשלאָסן אַװעקצופֿאָרן פֿון ירושלים װאָס גיכער, װײַל איך האָב אָנגעפֿאַנגען צו פֿילן, אַז מײַן קעשענע װערט שװינדזיכטיג. איר דאַרפֿט װיסן, אַז פֿון יעדן הײליקן קבר און הײליקן אָרט װאָס איר זעט אין ירושלים, װערט אײַך א לאָך אין קעשענע. װאָרום בײַ יעדן הײליקן טויטן קבר געפֿינט איר עטלעכע לעבעדיקע אויסגעשטרעקטע הענט. מאַנכעס מאָל ברעכט אַפֿילו

אוים אַ סיכּסוך צווישן אייך און די אויסגעשטרעקטע הענט. מיר האָט עס צום ערשטן מאָל פּאַסירט אין דעם קבר פון שמעון הצדיק. ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין קבר האָב איך דאָלט זיך אַרום זיך קיינעם נישט געזען. פּלוצים אָבער איז ביי מיין זייט אויסגעוואַקסן אַ ייִד און מיך נישט פרעגנדיק אַפילו פאַנגט ער אָן ציקלען אַ „מי שברך אבותינו" און ווען ער קומט צו „בעבור שנדר" גיט ער אַ קוק אויף מיר מיט אַ פראַגע צייכן, וואָס מיינט וויפיל? ענטפער איך, אַ שילינג — וואָס? אַ שילינג? — שרייט דער ייִד אויס מיט כעס אין מיטן „מי שברך"—איך האָב דאָך אויף אייך אַזוי לאַנג געוואַרט! מילא, וואָס איר האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף מיר, זאָג איך בין איך נישט שולדיק, איך האָב אייך נישט געשריבן, אַז איר זאָלט וואַרטן און מיך קומען מקבל פנים זיין מיט אַ „מי שברך". נאָר וואָס איז שייך צום שילינג נעמט אים און לעגט אים אַריין אין קעשענע, ווייל מער ווערט איר פון מיר סיי ווי סיי נישט קריגן, דערפאַר אָבער קענט איר דעם צווייטן האַלבן, נישט דערענדיקטן „מי שברך" פאַרקויפן אַן אַנדערן. און אויב איר ווילט, גיב איך אייך דעם ערשטן האַלבן „מי שברך" אויך אַוועק צוריק, און האַנדלט ביי מיר אַ מציאה.

נאָר עס איז גוט, ווען איר שטויסט זיך אָן אויף איינעם, וואָס לאָזט אייך לייכט אָפּ. ווען גאָט אָבער שיקט אייך צו איינעם פון די עלטע באַקשישניקעס, פון יענע זלידנע פליגן, וועלכע איר קענט בשום אופן נישט אָפּטרייבן פון זיך, דאַן ווערט איר שוין געבן וויפיל ער וויל, אבי פּטור צו ווערן פון אים.

און ווילט איר באַזוכן די אומגעגנונג פון ירושלים ווערט איר אין גאַנצן אַ נשרף. מען נעמט פון אייך וויפיל מען קען נאָר פאָרן צו פירן אייך. פון ירושלים ביז יריחו, ווו עס גיסט זיך אַריין דער ירדן אין ים המלח איז קנאַפּע צוויי שטונדן רייזע מיט אַ „פאָרד", און אַט פאַר דער נסיעה האָט אַ ייִד זיך נישט געשעמט ביי מיר צו בעטן 10 עגיפּטישע פונט (דאַן 40 אַמעריקאַנער דאָלאַר). און עס איז שוין געווען אַ

מציאה, ווען איך האָב בײַ אים די נסיעה אויסגעדונגען פאַר 7 פונט.

זעענדיק וואָס פאַר אַ טײַערע מדינה ארץ ישראל איז, האָב איך אָנגעפאַנגען מורא האָבן, אַז אויב איך וועל נישט זײַן אַ ביסל שפּאָרעוודיק אין צײַט וועל איך אינגאַנצן מוזן בלײַבן אין ארץ ישראל׳דיקער תּושב, ווײַל איך וועל פּשוט נישט האָבן מיט וואָס אַ היים צו פאָרן. און צו דעם האָב איך גאָר קיין חשק נישט געהאַט.

---

מײַן מאַרשרוט, וועלכן איך האָב מיר צונויפגעשטעלט איז געווען פון ירושלים אין יאַפע, פון יאַפע אין די יידישע קאָלאָניעס פון יהודה; פון דאָרטן אין כייפה; פון כייפה אין עמק הירדן און גליל התחתון, כּדי צו באַזוכן דאָרטן די יידישע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס און „כּבישים״ (שאָסעען) וועלכע די חלוצים בויען, און פון דאָרט אין גליל העליון. איך האָב אויסגערעכנט, אַז איך זאָל די גאַנצע רײַזע קענען מאַכן אין פיר וואָכן צייט, אָבער מיט דער באַדינגונג, אַז איך זאָל זיך צופיל צײַט נישט אויפהאַלטן אין איין אָרט.

פון ירושלים אין יאַפע קען מען פאָרן מיט אַ „פאָרד״, וואָס נעמט אָן פּאַסאַזשירן פאַר אַ פונט מיט 10 פּיאַסטער (דאָס אין ערך פון 4 דאָלאַר מיט 40 סענט). איך האָב אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג. ערשטנס האָב איך די ארץ ישראלדיקע אײַזנבאַנען פײַנט געקריגן, ווי איך האָב מיט זיי מײַן ערשטע באַקאַנטשאַפט געמאַכט; צווייטנס, קען מען פאָרנדיק מיט אַן אויטאָמאָביל, בעסער זען די לאַנדשאַפט און די געגנט צווישן ירושלים און יאַפע. די רײַזע דויערט אַ ערך צוויי שעה. איך האָב זיך אָבער אָפּגעשטעלט נישט אין יאַפע, נאָר איך בין געפאָרן אַ ביסל ווײַטער און זיך אָפּגעשטעלט אין דאָס שיינע יידישע שטעטל תּל אביב וועלכע האָט זיך פריער גערעכנט אַלס אַ פאָרשטאָט פון יאַפע און וועלכע איז אויך אַ שטאָט פאַר זיך מיט אַן אייגענער פאַרוואַלטונג.

יאַפֿע איז אין אַלגעמיין אַן אַראַבישע שטאָט. די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז אַן אַראַבישע. די ייִדישע באַפֿעלקערונג דאָרטן ווערט געשאַצט אויף ווייניקער ווי 10 טויזנט און ווי עס שיינט, גאַנץ באַדייטנד ווייניקער. די שטאָט איז אַן אַלטע, אַ שמוציקע און, אויסער דעם האַפֿן, איז אין איר נישטאָ וואָס צו זעען.

תל אביב איז אַ שפּאָגל נייע ייִדישע שטעטל. תל אביב איז הונדערט פּראָצענט ייִדיש. איז זייער שיין געבויט, מאָדערנע צווייִ און דריי שטאָקיקע הייזער, אָפּגעטיילט איינע פֿון די אַנדערע און אַרומגעפּלאַצט מיט ביימער. אין מיטן שטעטל געפֿינט זיך אַ קליינער שיינער פּאַרק מיט בלומען בייטן און שפּאַציר-אַלעען. נישט ווייט פֿון פּאַרק געפֿינט זיך די העברעישע גימנאַזיע, אַ גרויסע ווייסע געביידע, וועלכע ציט איבער אויפֿמערקזאַמקייט מיט איר אַרכיטעקטור און איר פּראָמינענטן פּלאַץ, וואָס זי פֿאַרנעמט.

ווען מען פֿאָרט אַריין פֿון יאַפֿע אין תל אביב, דוכט זיך אָפּ, ווי מען וואָלט פֿון דער אָפּגעלאָזענער, אָפּגעשטאַנענער אַזיע פּלוצים אַריינגעפֿאַלן אין דער מאָדערנער, ציוויליזירטער אייראָפּע.

אין תל אביב לעבט די ייִדישע „אַריסטאָקראַטיע" און די ייִדישע אינטעליגענץ, וועלכע איז באַשעפֿטיקט אין פֿאַרשידענע קהלשע אינסטיטוציעס, ווי אין דער גימנאַזיע, „הדסה" האָספּיטאַל, אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אַנדערע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס און אָנגעשטעלטע ביי דער רעגירונג.

תל אביב איז די „פּאַריז" פֿון ארץ ישראל. אַזוי ווייניקסטנס זאָגן די דאָרטיקע ייִדן און באַגייסטערטע ציוניסטישע געסט. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען די אמתע פּאַריז וואָלט עס הערן וואָלט זי זייער שטאַרק פּראָטעסטירט און וואָלט אויך זיין גערעכט. נאָר רעדנדיק אָן מליצות איז תל אביב זייער אַ שיין שטעטל, וווּ מען קען גאַנץ רויִק אָפּעסן און זיך רויק אויסשלאָפֿן ביז עס ווערט לאַנגווייליק—און מען פֿאָרט אַוועק.

אין תל אביב הערט מען די העברעישע שפראך אין גאנץ פיל מער ווי אין ירושלים. דערפאר אבער הערט מען פיל מער די רוסישע שפראך. עס רעדן רוסיש נישט נאר די נייע אנגע־קומענע, נאר אויך א טייל פון די אלטע תושבים, איינגעווארצלטע „רוסן", וועלכע ווילן זיך נישט שיידן עד היום מיט דער רוסישער שפראך. פראנצויזיש הערט מען ווייניק אין תל אביב. הגם א באדייטנדער טייל פון דער יוגנט פארשטייט גאנץ גוט פראנצויזיש און האט אויך נישט לאנג צוריק מיט גרוים השק די שפראך געלערנט. איצט אבער, האט ענגליש פארנומען דעם פלאץ פון פראנצויזיש. דער יונגער עולם לערנט פלייסיק ענגליש, ווייל פון ענגליש קען מען דערווארטן א שטיקל תכלית. און א ייד איז א בעל תכלית.

---

פון וואנען לעבט תל אביב? — האב איך געפרעגט א צייטונגס־מיבא־בעטער, מיט וועלכן איך בין דארטן באקאנט געווארן. פינף און צוואנציק פראצענט לעבט פון האנדל און מלאכה און די איבעריקע לעבט פון הלוקה — האט ער מיר געענטפערט.

וואס הייסט פון חלוקה? — האב איך זיך געוואונדערט, ווי קומט תל אביב צו חלוקה?

— נישט פון דער אלטער חלוקה—האט ער מיר דערקלערט —נאר פון דער נייער, פון דער ציוניסטישער חלוקה. עס פארשטייט זיך, אז קיינער רופט עס נישט מיטן נאמען „חלוקה", אבער אין תוך איז דאס איינס און דאס זעלבע. און דא האט ער מיר אנגעפאנגען צו דערקלערן וואס ער מיינט: אט איז פאראן אין תל אביב א גימנאזיע, וועלכע קריגט א סובסידיע פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און וועלכע וואלט אן דער דאזיקער סובסידיע נישט געקאנט עקזיסטירן. און אט איז פאראן א שפיטאל „הדסה", וועלכער ווערט אויסגעהאלטן פון די אמעריקאנער ציוניסטן. און אט איז דא די צענטראלע פון „אחדות העבודה", וועלכע ווערט געשטיצט פון די פועלי־ציון פון די גלות־לענדער און אט זענען סתם אזוי פארשידענע בא־

אַמטע און אָנגעשטעלטע פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דער קיצור איז — ווו איר גיט זיך נישט אַ קער, באַגעגנט איר זיך מיט אַנשטאַלטן און פֿערזאָנען וואָס ציען זייער היונה פֿון די גלות־לענדער, איר מעגט עס אָנרופֿן חלוקה, איר דאַרפֿט זיך נישט שעמען, און אָט אַרום די אַנשטאַלטן און די איינצלנע פּערזאָנען ויעלכע עקזיסטירן פֿון דער ציוניסטישער חלוקה, לעבן אַ רעכט ביסל פֿון די איבעריקע תּושבים פֿון תּל אביב, מילא במילא קומט־אויס, אַז 75 פּראָצענט פֿון די איינוווינער אין תּל־אביב לעבן דירעקט אָדער אומדירעקט פֿון חלוקה. און זאָל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויפֿהערן געבן חלוקה דער גימנאַזיע אָדער שפּיטאָל א. א. וו. וואָלט תּל אביב זיין אויף צרות. דער כּלל איז, אַז פּאָרלויפֿיק איז כּמעט אַלץ וואָס אין ארץ ישראל עקזיסטירט, געבויט אויף דעם יסוד פֿון חלוקה צי אויף דער אַלטער אָרטאָדאָקסישער חלוקה, צו אויף דער מאָדערנער ציוניסטישער. בלויז דער נאָמען איז אַן אַנדערער, דער תּוך אָבער איז דער זעלביקער.

אַרומרייזנדיק אין ארץ־ישׂראל האָב איך אויסגעפֿונען, אַז דער כּלל איז אַ ריכטיקער.

———

# אין דער קאָלאָניע ראשון לציון

פֿאָרנדיק אין ארץ־ישראל האָב איך נישט געהאַט ברעה צו באַזוכן יעדע שטאָט און שטעטל, יעדע קאָלאָניע און יעדעס דערפֿל פֿון לאַנד. הגם בײַ אַ ביסל אָנשטרענגונג האָב איך עס געקאָנט טאָן, ווײַל ארץ־ישראל איז אַ גאַנץ קלײנע מדינה און מען קאָן אויסקוקן יעדן ווינקל פֿון איר אין אַ גאַנץ קורצער צײַט. מען קאָן פּשוט די גאַנצע מדינה דורכגײן אין דער לענג און אין דער ברײט צו פֿוס, נישט אײַלנדיק זיך, אין עטליכע טעג.

דאָס איצטיקע ארץ־ישראל, וועלכעס געפֿינט זיך אונטער דעם ענגלישן מאַנדאַט, האָט אַ שטח פֿון קנאַפּע נײַן טויזנט קוואַדראַט ענגלישע מײַלן (עטוואָס קלענער ווי דער שטאַט ניו העמפּשיר אין די פֿאַראײניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע) מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון אַן ערך 770 טויזנט מענטשן, פֿון וועלכע אַן ערך 80 טויזנט זענען ייִדן (די באַפֿעלקערונג פֿון ניו העמפּשיר איז אומגעפֿער 450 טויזנט, און דערפֿון קאָן מען זען, אַז ארץ־ישראל איז נישט אַזאַ לײדיק לאַנד, ווי מען שטעלט זיך פֿאָר).

די גרענעצן פֿון דער איצטיקער ארץ־ישראל זענען: פֿון מזרח זײַט דער ים המלח און דער ירדן, וואָס פֿאַלט אין אים אַרײַן; פֿון מערב זײַט דער ים התיכון (מיטללענדישער ים); פֿון דרום די ליניע פֿון ראַפֿאַ ביז טאַבאַ, בײַם גאָלף פֿון אַטאַבאַ; פֿון צפֿון ביז סיריע, אויף דער אַנדערער זײַט פֿון מטולה. אין אַלגעמײן ווערט גערעכנט, אַז פֿון דרום ביז צפֿון פֿאַרנעמט פּאַלעסטינע אַנדערהאַלבן גראַד, פֿון 31־טן און האַלב ביזן 33־טן גראַד (אַ גראַד איז 69 און אַ האַלב ענגלישע מײַל). דער ווײַטסטער פּונקט פֿון צפֿון גרענעץ פֿון ארץ ישראל איז איצט מטולה, און פֿון דרום גרענעץ ביז צפֿון גרענעץ איז אַן ערך הונדערט מיט פֿינף מײַל. מען קאָן אָנרופֿן די לענג פֿון ארץ ישראל. די ברײט פֿון

מזרח גרענעץ ביז דעם מערב גרענעץ—איז פארשידן, אין מאנכע ערטער איז עס ארום 70 מייל און אין אנדערע ערטער קנאפע 40 מייל.

איך בין אבער נישט געקומען אין ארץ ישראל ציילענען איר געאגראפיע אדער אויפנעמען אין איר א סטאטיסטיק פון אירע איינוווינער, שטעט, דערפער, קאלאניעס און הייזער. איך בין געקומען זען אין ארץ ישראל אייניקע זאכן, פון וועלכע איך זאל קאנען קריגן א קלערערן באגריף פון דער פאליטישער, עקאנאמישער און קולטורעלער לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג דארטן. פאר דעם צוועק האב איך מיר פארויס אויסגעשטעלט א פראגראם, וואס פאר מיר איז וויכטיק צו זען אין ארץ ישראל. און קומענדיק אהין, האב איך מיך בארעטן מיט אייניקע פערזאנען, וועלכע ווינען שוין דארטן פון א לענגערער צייט און קענען גוט דאס לאנד, און איך האב אנגענומען זייער עצה, ווען זיי האבן מיך געראטן צו מאכן אייניקע ענדערונגען אין מיין פראגראם, וואס איך האב מיר אויסגעשטעלט.

איך האב נישט געפונען פאר נויטיק צו באזוכן יעדע יידישע קאלאניע אין ארץ ישראל, ווייל פיל קאלאניעס זענען ענלעך איינע צו די אנדערע. איך האב דעריבער אויסגעקליבן עטלעכע קאלאניעס, די מער וויכטיקע און מער כאראקטעריסטישע, און זיי האב איך באזוכט. אין יהודה האב איך אויסגעקליבן די דריי קאלאניעס: ראשון לציון, רחובות און פתח תקוה. איך האב דארטן געזען די וויינגערטנער, די פרדסים (אראנזשעריען) און ווי זיי ווערן באארבעט. איך האב דארטן גערעדט מיט אייניקע קאלאניסטן און מיט זייערע ארבעטער און געזוכט צו קריגן אזוי פיל אינפארמאציעס ווי פיל איך האב געקאנט. דאס אלץ.

---

די ערשטע יידישע קאלאניע אין יהודה, וועלכע איך האב באזוכט, איז געווען ראשון לציון. זי איז באקאנט מיט איר „יקבֿ" (ווייןֿ־קעלער), וווּ די בארימטע כרמל וויין און כרמל קאניאק ווערן געמאכט.

ראשון לציון איז נישט ווײַט פון יאַפֿע. מיט אַ „פֿאָרד" געפֿאָרט די נסיעה אַ קנאַפּע האַלבע שעה. ווען דער וועג וואָלט געווען אַ גוטער, וואָלט די נסיעה געדויערט נאָך ווייניקער. זענען אָבער די וועגן אין ארץ ישראל אין אַלגעמיין נישט איבעריקס פֿויגלדיק, בפֿרט נאָך פֿון יאַפֿע אין ראשון לציון. איין טייל פֿון וועג באַשטייט פֿון אַ גריבערדיקן שאָסיי, וועלכער וואַרפֿט אײַך ווי אין קדחת, דערפֿאַר אָבער באַשטייט דער צווייטער טייל פֿון טיפֿע, ווייכע דינע זאַמד און איר פֿאָרט ווי אויף פּוכאָווע קישנס. דער „פֿאָרד" נעבעך שפּרינגט, טרייסלט זיך און קרעכצט דעם ערשטן טייל פֿון וועג און ער סאַפּעט ווי אַ געקוילעטע גאַנז דעם צווייטן טייל פֿון וועג. שוין אַזאַ טבע האָט אַ „פֿאָרד". ער ליבט נישט קיין גריבערדיקע שאָסייען און ער האָט נאָך ווייניקער ליב אַ ווייכן זאַמדיקן וועג. נאָר ווען מען גייט עס אָן, וואָס אַ פֿאָרד האָט נישט ליב.

ראשון לציון איז אַ ווונדערשיינע קאָלאָניע. מען קאָן עס אָנרופֿן אַ לוקסוס־קאָלאָניע, פּונקט ווי זי וואָלט געבויט געוואָרן פֿאַר אַן אויסשטעלונג צו קריגן דעם ערשטן פּריז.

גלייך ווי מען קומט אַרײַן אין ראשון לציון קאָן מען זען, אַז אַ רײַכער פּריץ האָט די קאָלאָניע געבויט, אַ פּריץ, וואָס האָט זיך זײַן געשמאַק, זײַנע קאַפּריזן און וועלכער וויל ווײַזן, וואָס ער קאָן. דורכגייענדיק ראשון לציון, באַטראַכטנדיק די שיינע הײַזער און די פּראַכטפֿולע פּאַלמען־אַלעע, האָב איך מיר געטראַכט, אַז באַראָן ראָטשילד, וועלכער האָט אין דער קאָלאָניע אַזוי פֿיל געלט פֿאַרשווענדעט, האָט מער אין זינען געהאַט די טוריסטן, וועלכע קומען זען ארץ ישראל, איידער די קאָלאָניסטן, וועלכע דאַרפֿן דאָרטן ציען זייער חיונה פֿון דער ערד.

ראשון לציון איז אַ פּלאַנטאַציע. די דאָרטיקע קאָלאָניסטן באַשעפֿטיקן זיך מיט פּלאַנצן ווייַנגערטנער. באַראָן ראָטשילד האָט אין דער קאָלאָניע אויסגעבויט אַ גרויסן מאָדערנעם ווייַן־קעלער, וווּ דער זאַפֿט פֿון די וויינטרויבן, וואָס די קאָלאָניסטן נעמען אַראָפּ פֿון זייערע ווייַנגערטנער, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין ווײַן און אין קאָניאַק, אין גוטן ווייַן און גוטן קאָניאַק, וואָס קאָן זיך פֿאַר־

גלייכן מיט די גוטע ווײַנען און גוטע קאָניאַקן פֿון פֿראַנקרײַך.
איך האָב דעם ווײַן־קעלער באַזוכט, דורכגעגאַנגען פֿון אויבן ביז
אַראָפּ און באַקוקט די גאַנצע מאַשינעריע זײַנע. וואָרום אַזוי איז
שוין דער מנהג, אַז יעדער, וואָס קומט אין ראשון לציון, מוז
באַזוכן דעם ווײַן־קעלער. געפֿירט ווײַזן דעם קעלער האָט מיך
איינער פֿון די עלטערע אַרבעטער, וועלכער אַרבעט שוין דאָרטן
אַרום אַ פּאָר צענדליק יאָר און פֿאַרדינט נאָך הײַנט טעגלעך נישט
מער ווי עטלעכע און צוואַנציק פּיאַסטער (אַן ערך 1 דאָלאַר),
און דאָס איז אויך אַ דאַנק שוין דעם שטרײַק, וואָס איז אין קע־
לער פֿאָרגעקומען מיט אַ קורצער צײַט צוריק. פֿאַרן שטרײַק האָט
מען פֿאַרדינט נאָך ווייניקער. דער פֿירער מײַנער האָט מיט מיר
אָנגעפֿאַנגען גערעדט העברעיִש, אָבער אַזוי ווי דאָס איז אים אָנגע־
קומען גאַנץ שווער, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער קאָן מיט מיר
רעדן יידיש, ווײַל איך פֿאַרשטיי יידיש גאָר נישקשהדיק און ער
איז נישט מחויב פֿאַר עטלעכע און צוואַנציק פּיאַסטער אַ טאָג נאָך
עקסטרע האָרעווען צו רעדן העברעיש. מײַן פֿירער איז זייער צו־
פֿרידן געווען מיט מײַן פֿאָרשלאַג און מיר האָבן דעם רעשט פֿון
קעלער שוין באַקוקט אויף ריין מאַמע־לשון, ווי קיין העברעיִשע
שפּראַך וואָלט אויף דער וועלט גאָר נישט געווען. נו, זאָג איך
צו אים, איז עס אויף יידיש נישט אַ סך לײַכטער? עס איז דאָך
פּשוט אַ פֿאַרגעניגן, אַ לשון, וואָס מען פֿאַרשטייט יעדעס וואָרט,
מײַן פֿירער האָט מסכּים געווען, אַז איך האָב רעכט, אָבער בלויז
אין דער פּראַקטיק. אין דער טעאָריע האָט ער זיך אָבער גע־
האַלטן, אַז די שפּראַך פֿון ארץ ישראל דאַרף זײַן העברעיש. האָב
איך זיך מיט אים נישט געוואָלט שפּאַרן וועגן טעאָריע און בין
איבערגעגאַנגען צו פּראַקטיק און די פּראַקטיק איז, אַז יעדער
וואָס באַזוכט דעם ווײַן־קעלער, פֿאַרזוכט שוין אויך דעם ווײַן,
וואָס ווערט אין דעם קעלער געמאַכט. אַזאַ מנהג איז עס שוין.,
און פֿון דעם מנהג האָב איך געוויס נישט געוואָלט אָפּשטיין.

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז קיין גרויסער מבֿין אויף ווײַן
בין איך נישט. און איך שעם זיך נישט אויסצוזאָגן, אַז אַמליבסטן
טרינק איך ראָזינקעס ווײַן, יין צמוקים, איך מוז אָבער זאָגן, אַז

דער ווײַן, וואָס איך האָב געטרונקען אין דעם קעלער פון ראשון איז זייער אַ געשמאַקער. געשמאַקער אפילו פון ראָזינקעס ווײַן. איך שטעל זיך פאָר, אַז קיין בעסערן טעם קען שוין אפילו דער יין המשומר נישט האָבן. שוין איינמאָל ווײַן!

---

גייענדיק צוריק פון ווײַן-קעלער און שפּאַצירנדיק דורך דער פּאַלמען אַלעע, האָט מיר געטראָפן אַ סיבה מיט אַ שוך. איך האָב געמלעך פאַרלוירן אַ קנאָפּל. דאַרף איך, אַלזאָ, האָבן אַ שוסטער, קען מען עס אין ראשון לציון אויך געפינען, און טאַקע נישט ווײַט און דער פּאַלמען אַלעע. אין אַ קליין הײַזל, אין אַ צימער פאַרן גאַס, זיצן צוויי שוסטערס און נייען שוך אויפן הײמישן שטייגער. קענט איר מיר נישט צוקלאַפּן אַ קנאָפּל אויף מײַן שוך? פאַרוואָס אָל ער נישט קענען? געוויס קען ער. נישט מער, אָנשטאָט איין קנאָפּל וועט ער דאַרפן צושלאָגן צוויי, ווײַל עס וועט קיין פּנים נישט האָבן, אַז איין שוך זאָל האָבן אַ אַלטן קנאָפּל און דער צווייטער אַ נײַעם. מילא, זאָל זײַן צוויי קנאָפּל. — איר קומט פון אַמעריקע, מאַכט ער צו מיר, נעמענדיק די שיך אין די הענט. פון וואַנען נעמט איר עס? טאַקע פון אײַערע שיך, עס איז אַמעריקאַנער אַרבעט. טאָ זאָגט מיר טאַקע, ווענדעט ער זיך צו מיר, עס איז טאַקע איצט אַזוי שווער אַרײַנצוקומען אין אַמעריקע? זייער שווער, ענטפער איך. אָבער וואָס מזיג אײַך נישט ארץ-ישראל? — ברענען זאָל עס מיט די אַראַבער צוזאַמען, ענטפערט ער מיר קורץ און בייז. — הלואי וואָלט עס פאַרברענט געוואָרן איידער מיר זענען אַהער געקומען, רופט זיך אָפּ דער צווייטער שוסטער, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, זײַענדיק פאַרטיפט אין אויסשניצן אַ הויכן פראַנצויזישן קנאָפּל פון אַ ווײַבערשן שיכל. און די צוויי שוסטערס נישט וואַרטנדיק, איך זאָל זיי פאַנאַנדערפרעגן, פון וואַנען עס שטאַמט זייער גרויסער כעס אויף ארץ ישראל, האָבן מיר אָנגעפאַנגען דערציילן זייער געשיכטע. איינער האָט דערציילט און דער אַנדערער האָט אונטערגעשטוקעוועט.

די צוויי שוסטער זענען צוויי ברידער און קומען פון פּוילן. זיי זענען געווען הייסע ציוניסטן און ווען די נײַע חלוצים-באַוועגונג

האָט זיך אָנגעפאַנגען זענען זיי געווען די ערשטע, וועלכע האָבן זיך אָן איר אָנגעשלאָסן און זיי זענען אויך געווען פון די ערשטע, וועלכע זענען מיט אַ גרופּע אַנדערע חלוצים פון פּוילן אין ארץ ישראל געפאָרן. זיי האָבן מיט זיך געהאַט אַ קליינעם קאַפּיטאַל און האָבן גערעכנט צו עפענען אין ארץ ישראל אַ שיך־פאַבריקל. די מלאכה קענען זיי דורך און דורך. זיי קענען נישט בלויז שוס־טעריי, נאָר זיי קענען אויך צונאָט־מאַכעריי (שטעפּעריי). זיי קענען אפילו גאַרבעריי. ווען זיי זענען געקומען אין ארץ ישראל האָבן זיי זיך באַזעצט אין יפו, האָבן דאָרטן אַפּגעדונגען אַ קרעמל פאַרן גאַס און האָבן געעפנט אַ ווערקשטאַט. זיי האָבן אָנגעקויפט לעדער, געצייג און האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן. קיין גליקן האָט מען נישט געמאַכט, אָבער עס האָט אויסגעזען, אַז מען וועט קענען מאַכן אַ לעבן און זיי זענען געווען צופרידן. פּלוצלונג איז אָבער געקו־מען דער פּאָגראָם און האָט פון אַלץ אַ תל געמאַכט. די פּאָגראָמ־שטשיקעס האָבן צוראַבירט די לעדער, די געצייג און די פּאַרטי־קע אויפגענייטע ביסל שיך און זיי, די שוסטערס, האָבן זיך קוים געראַטעוועט מיטן לעבן. אַרומגייענדיק עטלעכע וואָכן ליידיק און באַקלאָגנדיק זייער פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן אין דעם פּאָגראָם פאַרלוירן, האָבן זיי זיך באַזעצט אין ראשון לציון. האָבן דאָרטן אָפּגעדונגען אַ קעמערל פאַרן גאַס און האָבן זיך געזעצט אַרבעטן. ברענגען זאָלן זיי מיט זייער אַרבעט, שטוקעוועט אונטער דער צווייטער שוויגערדיקער שוסטער, פוצנדיק דעם פּראָנצויזישן קנאַפּל פון דעם ווייבערשן שיכל. אָט זעט דאָס שיכל, עס איז שוין די צווייטע פּאָר, וואָס איך מאַך. די ערשטע פּאָר האָט די מאַדאַם פאַרבראַקירט. אַ פּוס האָט עס ווי אַ קלאָץ און אַ שיכל וואָלט עס וועלן ווי פון אַ יונגע פּאַנענקע און דורכוים ווי מען טראָגט אין פּאַריז. צאָלן וויל עס אָבער נישט, דינגט זיך ווי אַ ציגיינערקע און איר האָרעוועט פאַר גאָרנישט. און זיי זענען אַלע אַזוי, אַז פייער זאָל זיי כאַפּן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט עס די קאָלאָניסטן פון ראשון לציון.

און וואָס דענקט איר ווייטער צו טון?—פרעג איך.

— אָנפאַנגס האָבן מיר געדענקט, אַז דאָ וועט זיך אונז

איינגעגעבן אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט אויף הוצאות און אַנטלויפן פון דאַנען וווהין די אויגן וועלן טראָגן. אָבער איצט וויים איין גאָט, וואָס עס וועט זיין. מען האָרעוועט טאָג און נאַכט און עס איז קוים גענוג אויף דער אָרעמער טעגלעכער הוצאה. פון אָפּשפּאָרן טראַכט מען שוין גאָרנישט. אין ראשון לציון זענען פאַראַן נאָך צוויי שוסטערס און מען אַרבעט בחצי חנם. ווען מיר בלייבן אין פוילן, אונטערשטוקעוועט דער שווייגענדיקער ברודער, וואָלטן מיר דאָך מיט אונזער ביסל געלט, וואָס מיר האָבן דאָ פאַרטאַכלעוועט, געווען דאָרט איצט גבירים. מען איז געלאָפן פון דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם און מען איז אַריינגעפאַלן אין אַן אַראַבישן פּאָגראָם, ברענען זאָלן זיי.

אין די רייד איז אַריינגעקומען אַן עלטערער באַבעררדל־טער ייִדל און ער וויל הערן פון מיר אַ גרוס פון אַמעריקע. ער אַליין איז אויך נישט לאַנג פון אַמעריקע. ער איז דאָרטן געווען אַ פּרעסער ביי מענער־קליידער, האָט דאָרטן אָפּגעאַרבעט זעכצן יאָר, איז קראַנק געוואָרן, געלעגן עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל, ווידער געאַרבעט ביי פּרעסעריי ביז די דאָקטוירים האָבן אים געזאָגט, אַז ער מוז זוכן אַן אַנדער באַשעפטיקונג, ווייל די פּרעסעריי איז פאַר אים ניפּט. נאָר גיי געפינען אין אַמעריקע אַן אַנדערע באַשעפטיקונג, ווען מען האָט שוין פאַרלוירן דאָס געזונט ביי פּרעסעריי און מען איז שוין אין די יאָרן, האָט ער געלייענט אין די צייטונגען און געהערט אין שול, ווו ער דאַוונט, אַז דאָס בעסטע איז צו פאָרן אין ארץ ישראל. עטלעכע דאָלאַר קישקע־געלט האָט ער געהאַט אָפּגע־שפּאָרט, זענען דאָך עפּעס געווען אַ פּאָר גוטע מלחמה־יאָרן אין אַמעריקע, איז ער אַוועקגעפאָרן אין ארץ ישראל. ער האָט אָבער דערוויזן גלייך, ווי ער איז געקומען, אַז ער האָט באַ־גאַנגען אַ נאַרישקייט. נישט פאַר אַזאַ מענטשן ווי ער איז ארץ ישראל. נאָר פאַרפאַלן. האָט ער אָנגעפאַנגען צו זוכן וואָס צו טון, זיך געהאַלטן עצות מיט קלוגע מענטשן. ביז ער האָט ענדלעך געקויפט אין ראשון לציון אַ הייזל מיט אַ שטיקל לאַנד און ווען זיין ווייב מיט זיין טאָכטער, וועלכע זענען איצט אין

פוילן, וועלן קומען אהער, וועט ער קויפן א פאר קי און פארפירן א מילכיקס און גאט וועט אפשר העלפן. דערווייל אבער איז ער אליין. א טייל פון דעם הייזל האט ער פארדונגען צו די צוויי שוסטער, נעמט ער אהיים א ביסל דירה־געלט; אויף א טייל פון זיין שטיקל לאנד האט ער פארפלאנצט א ביסל גרינס, מיט וועלכע ער שטיקעווועט אונטער א ביסל זיין מאנערע חיונה און פאר דאס איבעריקע בעט מען דעם אמעריקאנער דאלאר און מען ווערגט זיך. נאר ווען ער קען אנטלויפן פון דאנען כאטש אין מיטן דער נאכט, טוט ער עס. מען לעבט דא צווישן רשעים, דערקלערט ער מיר, מיינענדיק די קאלאניסטן. דאס זענען אמתע סדומניקעס. מען קען פאלן אין מיטן גאס, וועט קיינער נישט צוגיין פרעגן וואס אייך איז. עס איז נישט אמעריקע, ווו איין ייד העלפט דעם צווייטן. איך בין געווען אין אמעריקע אין דער יוניאן אין א לאדזש און מען האט זיך געהאלפן איינער דעם אנדערן אין אן עת־צרה, דא אבער, וועט זיך קיינער אויף אייך נישט ארומקוקן, ווען די נשמה זאל אייך אפילו אויסגיין.

איר רעדט וועגן די היגע קאלאניסטן?—מישט זיך אריין איינער פון די שוסטער, שוין בעסער צו לעבן צווישן פוילישע גוים איידער צווישן זיי. יעדער פון זיי איז דאך ביי זיך שטאלץ ווי המן און האבן שטיינערנע הערצער ווי המן. איר וואלט זען ווי זיי באהאנדלען זייערע יידישע ארבעטער, אזעלכע עקספלואטאטארס האט איר קיינמאל נישט געזען. וויפיל מען ארבעט איז פאר זיי ווייניק. און רעדט מיט זיי, טוען זיי נאך א טובה, וואס זיי האלטן א יידישן ארבעטער. און איר וואלט זען ווי זיי באהאנדלען די יידישע ארבעטער, מיט וואס פאר א פאראכטונג זיי קוקן אויף זיי. דאס ווארט „חלוץ" איז ביי זיי א זידל־ווארט. ווען א מאמע צוקרינט זיך מיט איר טאכטער איז דאס ערגסטע וואס זי קען איר זאגן, איז, אז אפילו א חלוץ וועט איר נישט נעמען. מיט קיין אנדער נאמען ווי די „בארוויסע" רופן זיי נישט די חלוצים און חלוצות.

ביים אפענעם פענסטער פון שוסטערשן ווערקשטאטל האבן

זיך צונויפגעקליבן נאָך עטלעכע יאָרן. אַן אַמעריקאַנער, דאַרף מען אים אָנקוקן און הערן וואָס ער האָט צו דערציילן פון אַמעריקע. דער אַמעריקאַנער איז אָבער נישט פאַראינטערעסירט צו דערציילן וואָס עס הערט זיך אין אַמעריקע, ער וויל בעסער וויסן וואָס עס הערט זיך אין ארץ ישראל און ווי עס לעבט זיך דאָ. ושאָלעוועט מען אים נישט און מען דערציילט. אַפּגנטלעך, איז נישטאָ וואָס צום דערציילן. איך בין שוין דאָ צוועלף יאָר, זאָגט צו מיר איינער פון די פאַרזאַמלטע ביים פענסטער, נאָר אויב איר נעמט מיך מיט אין אַמעריקע, וואָלט איר זיין אַ ווילער מענטש, אויב איר ווילט בין איך שוין, ווי איר זעט מיך, פאַרטיק צו דער רייזע. איך דאַרף זיך אפילו נישט איינפּאַקן, וואָרום אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, טראָג איך אויף זיך. און קוקט נישט, וואָס איך זע אפשר אויס אַ ביסל צו אַלט. איך בין נאָך אַ יונגערמאַן, אינגאַנצן עטלעכע און דרייסיק יאָר. איך האָב זיך דאָ בלויז אַ ביסל אָנגעפּראַבערט און אָנגעהונגערט, דעריבער זע איך אויס עלטער ווי איך בין. דער יונגערמאַן איז נעמלעך אַן אַרבעטער אין דער קאָלאָניע. איצט גייט ער אַרום ליידיק, ווייל עס איז קיין אַרבעט נישטאָ. די קאָלאָניע ראשון לציון איז איצט אויף צרות. ארץ־ישראל־ווייַן איז איצט נישט קיין איבעריקס גאַנגבאַרע סחורה. די הויפּט־קונדן פון ארץ־ישראל־ווייַן זענען געווען די ייִדן אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע. מילא, וועגן רוסלאַנד איז דאָך איצט געווים נישטאָ וואָס צו רעדן אַלס אַ מאַרק פון ארץ־ישראל־ווייַן און און מיט אַמעריקע איז אויך איצט צרות, „פּראָהיביִשאָן". און ווען עס איז צרות, האָבן די מערערע פון די ראשון לציון קאָלאָניסטן אַליין אָנגעהויבן צו אַרבעטן, אַנשטאָט וואָס זיי פלעגן פריִער האַלטן געדונגענע אַרבעטער. מערערע קאָלאָניסטן זענען אַוועק אַרבעטן אין ווייַן־קעלער. דער קיצור איז, אַז קאַנדידאַטן צו פאָרן אין אַמעריקע קענט איר דאָ געפינען אַ רעכט ביסל.

אַן אַנדער ייִד, אַ קאָלאָניסט, פרעגט מיך, אויב איך קען נישט געפינען אין אַמעריקע אַ משוגענעם מיליאָנער, וואָס זאָל

איבגעגצן אפקויפן ראשון לציון, זענען דאך פאראן אין אמעריקע אזעלכע מיליאנערן, וואס קויפן קיריאזנע זאכן און גיבן אוים אויף זיי מיליאנען. איך האב אים צוגעזאגט, אז ווען איך וועל צוריקקומען אין אמעריקע, וועל איך פרובירן זוכן אזא מיליאנער.

דערווייל זענען די קנאפל פון מיינע שיך געווארן פארטיק, און איך בין ווידער געווען אויף די פיס. איך האב זיך אפגעזעגנט מיט די צוויי פוילישע שוסטער, מיט דעם אמעריקאנער פרעסער און מיט דעם איבעריקן עולם און האב זיך אוועקגעלאזן פארענדיקן מיין עקסקורסיע איבער ראשון לציון.

---

עס איז שוין געווען שפעט נאכמיטאג. עס האט מיר אנגעהויבן הונגערן. דער ווײַן, וואס איך האב געטרונקען אין „יקב", האט ווי עס שיינט גוט געווירקט אויף מיין אפעטיט. איך בין אריינגעגאנגען אין א רעסטאראן (אין ראשון לציון זענען פאראן עטלעכע רעסטאראנען און אכסניות). איך האב דארטן געפונען א פאר יונגע ענגלישע סאלדאטן טרינקענדיק ביר און לערנענדיק די יונגע טאכטער פון דער באלעבאסטע פון רעסטאראן, א שיין מיידל, רעדן ענגליש. איך האב געבעטן די באלעבאסטע, אז זי זאל מיר געבן וואס צו עסן, אבער נישט קיין פליישיקעס. איך וואלט וועלן עסן אין א נאטורלעכע אן אמתען דארפישן מילכיקן וואַרעמעס. די באלעבאסטע האט מיך אנגעקוקט און האט מיך מיט פארוואונדערונג געפרעגט: פון וואנען זאל איך אייך דא נעמען מילכיקס? איך קען אייך מאכן א ביפשטיק אדער א קאטלעט. מילא, אז עס איז נישטא קיין מילכיקס, מוז מען עסן א ביפשטיק. נאר פון דער פארוואונדערונג פון דער באלעבאסטע אויף מיין פארלאנג מיר צו געבן אן אמתן דארפישן מילכיקן וואַרעמעס, האב איך פארשטאנען, אז מיין פארלאנג איז געווען א משונהדיקער, א ווילדער.

עס איז אמת, אז איך האב פאר דעם געוווסט, אז אין ראשון לציון פלאנצט מען בלויז ווײַן, אבער איך האב זיך נישט פארגעשטעלט, אז די קאלאניסטן האבן לחלוטין נישט קיין אייגענע

שפּײַז. ווײַענדיק אָבער אין ראשון לציון האָב איך ערפאַרן, אַז בּמעט אלץ, וואָס די קאָלאָניסטן האָבּן דאָרטן נויטיק צום עסן, דאַרפן זײַ קויפן בּײַ די אַרומיקע אַראַבּער, אָדער אין יאַפע. מאַנלע פון זײַ פלאַנצן נאָך אַ בּיסל גרינס, די איבּעריקע דאָס אויך נישט. וואָס איז שייך צו שפּײַז זענען די קאָלאָניסטן פון ראשון לציון פולשטענדיקע שטאָט-מענטשן. אין דער ווירקלעכקײַט זענען זײַ אויך אין אַנדערע פּרטים פולשטענדיקע שטאָט-מענטשן. ווען מען וויל זען יידישע קאָלאָניסטן, אמתע יידישע פאַרמערס, דאַרף מען זײַ פאָרן זען ערגעץ אַנדערשוו. אויף מײַן ווײַטערדיקער רײַזע האָב איך זײַ אויך געזען, אָבער נישט פיל.

---

# אין רחובות און פּתח תּקוה

מיין מאַמע פֿלעגט מיר אַמאָל זינגען אַ לידל: ראָזינקעס מיט מאַנדלען איז די בעסטע סחורה, מיין קינד וועט פֿאָרן אין ישיבה לערנען תּורה.

איך ווייס נישט, אויב מיין מאַמע האָט טאַקע געגלויבט, אַז ראָזינקעס מיט מאַנדלען זענען די בעסטע סחורה, אָדער זי האָט עס נאָר אַזוי געזונגען, ווייל זי האָט געדאַרפט האָבן אַ גראַם צו תּורה. איך אָבער האָב דאַן געגלויבט באמונה שלמה, אַז ראָזינקעס מיט מאַנדלען זענען ווירקלעך די בעסטע סחורה. העכסטנס, האָט איר ביי מיר געקאָנט פּועלן, אַז אויך האָניק און צוקערקעס זענען אַ גוטע סחורה, און אַזוי ווי מיין מאַמעס ווונטש איז מקוים געוואָרן און איר קינד איז טאַקע געפֿאָרן אין ישיבה לערנען תּורה, שפּעטער אפֿשר אין אַנדערע ישיבות און אַזאַ תּורה, וועגן וועלכע מיין מאַמע האָט נישט געטראַכט, האָב איך טאַקע באַקומען אַ שטיקל ידיעה אין דער תּורה אָבער איך בין געבליבן אַן עם הארץ אין סחורה. איר האָט ביי מיר נאָך מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געקאָנט פּועלן, אַז ראָזינקעס מיט מאַנדלען זענען די בעסטע סחורה. ערשט ווען איך בין געקומען אין דער קאָלאָניע רחובות, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז ראָזינקעס מיט מאַנדלען קאָנען אַ מאָל זיין אויך אַ גאַנץ שלעכטע סחורה.

די קאָלאָניע רחובות, איינע פֿון די שענסטע ייִדישע קאָלאָניעס אין יהודה, געפֿינט זיך נישט ווייט פֿון לוד און איז אײַנגאַנצן אַרום אַ שעה רייזע מיט דער אייזנבאַן פֿון יאַפֿע.

רחובות איז פֿיל באַשיידענער געבויט און איז מער דאָרפֿיש, ווי ראשון לציון. מיר פֿערזענלעך איז רחובות בעסער געפֿעלן געוואָרן ווי ראשון לציון, ווייל זי זעט אויס מער ווי אַ

קאָלאָניע, און איז נאַטירלעכער, נישט אַזוי פיל געקינסטלט, ווי ראשון לציון.

אויך רחובות איז אַ פּלאַנטאַציע. נאָר אנשטאט דעם, וואָס אין ראשון לציון איז דער הויפּט-פּראָדוקט ווײַן, איז אין רחובות דער הויפּט-פּראָדוקט מאַנדלען. אמת, רחובות האָט אויך ווײַנגערט-נער, און עס איז טאַקע געווען רחובות, ווו איך האָב געמאַכט „שהחיינו" אויף פרישע ווײַנטרויבן. אין די אַנדערע קאָלאָניעס זענען נאָך די ווײַנטרויבן נישט געווען רייף. אָבער די ווײַנגערטנער אין רחובות זענען נישט דער עיקר פון דער פּלאַנטאַציע, נאָר אַ טפל. דער עיקר איז דאָרטן מאַנדלען. זענען אָבער מאַנדלען די לעצטע צײַט אַ גאַנץ שלעכטע סחורה אין ארץ ישראל. די צרה איז, וואָס נישט בלויז ארץ ישראל פּראָדוצירט מאַנדלען, נאָר אויך אַנדערע לענדער. און נאָך אַ גרעסערע צרה איז, וואָס מיט דעם איבער-גאַנג פון ארץ ישראל פון דער טערקישער הערשאַפט צו דער ענגלישער האָט ארץ ישראל באַקומען אַ הויכע געלט-וואַלוטע. עס איז דאָרטן, נעמלעך, אײַנגעפירט געוואָרן דער עגיפּטישער פונט, און דורך דעם זענען אַלע פּראָדוקטן אין ארץ ישראל טײַערער געוואָרן. אין גריכנלאַנד ווידער, וועלכע פּראָדוצירט אויך מאַנדלען, איז די וואַלוטע אַ נידעריקע, ממילא קאָן גריכנלאַנד פאַרקויפן מאַנדלען אַ סך ביליקער ווי רחובות. זיצן דעריבער די יידישע קאָלאָניסטן אין רחובות מיט זייערע מאַנדלען און מאַכן וואַלוטע-חשבונות. מען דרייט שוין נישט דעם קאָפּ וועגן די צרות, וואָס מען האָט צו האָדעווען די מאַנדל - ביימער, נאָר מען ברעכט זיך דעם קאָפּ וועגן פאַרשידענע וואַלוטע-חשבונות. אַז יידן איז באַ-שערט צו האָבן צו טון מיט וואַלוטע, קומט עס זיי אַפילו אַרײַן אין אַ קאָלאָניע אין ארץ ישראל. נאָר חשבונות אַהין, חשבונות אַהער, דער אונטערשטער סך הכל בלײַבט דאָך, אַז גריכנלאַנד איז אימשטאַנד צו פאַרקויפן מאַנדלען אַ סך ביליקער ווי ארץ ישראל, און רחובות איז אויף גרויסע צרות.

די הויכע געלט-וואַלוטע, דער פונט שטערלינג, וואָס איז אײַנגעפירט געוואָרן אין ארץ ישראל מיט דער ענגלישער הער-שאַפט איז נישט בלויז אַ צרה פאַר די יידישע קאָלאָניסטן, וועלכע

דאַרפֿן פֿאַרקויפֿן זייערע פּראָדוקטן אין אויסלאַנד, נאָר עס איז אַ צרה פֿאַר גאַנץ ארץ ישראל. עס איז אַ קבצניש לאַנד מיט אַ רייכער וואַלוטע. דאָס קלענסטע געלט-שטיק אין ארץ-ישראל איז היינט אַ האַלבער פּיאַסטער, וואָס אפֿילו איצט, ווען דער קורס פֿון פֿונט איז נידעריק אין פֿאַרגלייך מיט דעם אַמעריקאַנער דאָלאַר, איז עס מער ווי צוויי סענט. עס הייסט, אַלזאָ, אַז אין דער רייכער אַמעריקע איז דאָס קלענסטע געלט-שטיק אַ סענט, בעת אין דער קבצנישער ארץ ישראל איז דאָס קלענסטע געלט-שטיק מער ווי צוויי סענט.

אויף דעם שטאַרקן יקרות אין ארץ ישראל האָט אויך געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, ווי איינציקע יידן האָבן מיר דאָרטן דערקלערט, די ענגלישע אַדמיניסטראַציע מיט אירע באַאַמטע און די אַמעריקאַנער ציוניסטן מיט זייערע באַאַמטע. די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט מיט זיך אַראָפּגעבראַכט אַ רעכט ביסל באַאַמטע פֿון ענגלאַנד. און אויב זי צאָלט קרחות אנשטאט שכירות די פֿאַרשיידענע קליינע באַאַמטע, וועלכע זי האָט אויסגעקליבן פֿון די אָרטיקע ארץ ישראלדיקע איינוואוינער, צאָלט זי אָבער גאַנץ גוטע שכירות די באַאַמטע, וועלכע זי האָט מיטגעבראַכט פֿון ענגלאַנד. די ענגלענדער מיט זייערע פֿונטן האָבן פּלוצים אַ הויב-געטון דעם „סטאַנדאַרד", דעם גראַד פֿון לעבן, אָבער די פֿאַרדינסטן פֿון די אַרבעטער, פֿון די בעלי-מלאכות און פֿון די קאָלאָניסטן האָבן זיך ווייט אַזוי הויך נישט געהויבן. נאָכדעם זענען געקומען די ציוניסטן מיט די אַמעריקאַנער דאָלאַרן. דער „וועד הצירים" מיט זיין שטאַב באַאַמטע; די „הדסה" מיט איר שטאַב באַאַמטע; א. אז. וו., וועלכע האָבן זיך פֿאַרפֿירט אין ארץ ישראל מיט די אַמעריקאַנער דאָלאַרן אויפֿן ברייטן פֿוס, עכט אַמעריקאַניש. דאָס האָט באַזונדערס געווירקט, אַז דער „סטאַנדאַרד פֿון לעבן" זאָל זיך שטאַרק אַ הויב-טון ביי דער יידישער באַפֿעלקערונג. וואָרום ווי גרויס איז דאָרטן אינגאַנצן די יידישע באַפֿעלקערונג? עס איז, אַלזאָ, געשאַפֿן געוואָרן אַ יקרות, אָבער נייע קוואַלן פֿון פּרנסה זענען געשאַפֿן געוואָרן גאַנץ ווייניק, ממילא איז עס צרות.

און אַ באַזונדערע צרה מיט די יידישע קאָלאָניעס אין יהודה איז, וואָס די מייסטע פֿון זיי זענען נישט מער ווי פּלאַנטאַציעס,

זיי פּראָדוצירן וויין, מאַנדלען, אראַנזשען, לימאַנעס און אתרוגים, אָבער נישט קיין שפּייז. און די איבערגערעכנטע פּראָדוקטן, וואָס זיי פּראָדוצירן, זענען הויפּטזעכלעך פאַר עקספּאָרט, פאַר דעם פאַרקויף אין אויסלאַנד. אין ארץ ישראל גופא איז דער אָפּזאַץ פון די דאָזיקע פּראָדוקטן אַ גאַנץ קליינער. די קאָלאָניסטן פון יהודה זענען דעריבער ענג פאַרבונדן מיט דער אויסלענדישער וואַלוטע און מיט אַלע חשבונות, וועלכע זענען מיט דער אויסלענדישער וואַלוטע פאַרבונדן.

ווען די יידישע קאָלאָניסטן אין יהודה וואָלטן פּראָדוצירט שפּייז, וואָלטן די קאָלאָניסטן פּראָפיטירט פון דעם איצטיקן יקרות אויף לעבנס-מיטל. ווייניקסטנס, וואָלטן זיי פון אים נישט געליטן, זיי וואָלטן דאָך כאָטש געהאַט וואָס צו עסן. איצט פּראָפיטירט פון דעם יקרות בלויז דער אַראַבער, בשעת ווען אפילו די יידישע קאָלאָניסטן דאַרפן קויפן שפּייז.

אויף וויפיל די יידישע באַפעלקערונג איז אָפּהענגיק, וואָס באַלאַנגט צו שפּייז, פון די אַראַבער, איז גענוג אָנצווייזן אויף דעם פאָלגענדן פאַקט. נאָך דעם פּאָגראָם אין יאַפאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ באַוועגונג ביי די אַראַבער צו באָיקאָטירן די יידן און זיי נישט פאַרקויפן קיין שפּייז, און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ווירקלעכע פּאַניק ביי דער יידישער באַפעלקערונג. עס איז אמת, אַז די אַראַבער וואָלטן קיינמאָל אַזאַ באָיקאָט נישט קאָנען דורכפירן. זיי האָבן נויטיק דעם יידישן קויפער, ווייל אָן אים וואָלטן זיי זיין אויף צרות. עס איליוסטרירט אָבער דאָך די יידישע אומבאַהאָלפנקייט און די משונהדיקע לאַגע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

איך האָב ווען דער אומנאָרמאַלער, משונהדיקער לאַגע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין יהודה גערעדט מיט איינעם פון די ציוניסטישע פירער פון ארץ ישראל. האָט ער מיר גלייך אָפּגעענטפערט מיט אַ משל פון קאַליפאָרניע. אַט פאַרנעמען זיך די פאַרמערס אין קאַליפאָרניע אויך בלויז מיט פּלאַנטאַציעס. זאָג איך צו אים, אַ משל איז דאָס טאַקע, אָבער ער הינקט. די פאַרמערס אין קאַליפאָרניע זענען אַמעריקאַנער פונקט ווי די פאַרמערס אין אילינאויז זענען אַמעריקאַנער. אַ טייל אַמעריקאַנער פאַרמערס פאַר

נעמען זיך, אַלזאָ, ניט פּראָדוציִרן שפּייז און אַ טייל מיט פּלאַנטאַציעס. אין ארץ ישראל קומט עס אָבער אויס גאַנץ אַנדערש. די ייִדישע קאָלאָניסטן פֿאַרנעמען זיך מיט פּלאַנטאַציעס און די אַראַבער פּראָדוציִרן שפּייז. און מען האָט דאָך געוואָלט אין ארץ ישראל שאַפֿן אַ ייִדישן ישוב, אַ ייִדישע קאָלאָניזאַציע. דער סוף איז אָבער, אַז אַפֿילו דער ייִדישער קאָלאָניסט גופֿא איז מיט זײַן לעבנסמיטל אָפּהענגיק פֿון דעם אַראַבער.

---

די דריטע קאָלאָניע, וועלכע איך האָב באַזוכט אין יהודה איז געווען פּתח תקוה.

פֿון יאַפֿע אין פּתח תקוה פֿאָרט מען מיטן דיליזשאַנס, אָדער מיט אַן אויטאָמאָביל. איך בין געפֿאָרן מיטן דיליזשאַנס, ווײַל מען האָט מיר געזאָגט, אַז אָפֿט טרעפֿט עס, אַז דער אויטאָמאָביל בלײַבט שטעקן אין זאַמד און די פּאַסאַזשירן דאַרפֿן זיך מטריח זײַן און דערגיין דעם רעשט פֿון דעם וועג צו פֿוס. אַזוי ווי איך האָב אָבער מיט זיך מיטגעפֿירט אַ טשעמאָדאַנטשיק, וואָס האָט געמוזט וועגן אַ פֿונט צען אָדער פֿופֿצן, האָב איך נישט געוואָלט ריזיקירן. איך האָב זיך געקאָנט אָננעמען צו שלעפּן מײַנע פֿיס אין דעם ווייכן זאַמדיקן וועג אונטער דער הייסער ארץ ישראל-דיקער זון, אָבער אויף שלעפּן נאָך אַ טשעמאָדאַנטשיק אַלס צוגאָב האָט מיר געפֿעלט אונטערנעמונגס-גייסט.

אָפּשאָקלענדיק זיך און אָפּטרייסלענדיק זיך אַ פּאָר שעה אין דיליזשאַנס אויף אַ צעבראָכענעם שאָסיי, און אָפּגייענדיק צו פֿוס אַרום אַ האַלבער שעה אין טיפֿן זאַמד, ווײַל די סוסים האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שלעפּן דעם וואָגן מיט די פּאַסאַזשירן דורכן טיפֿן זאַמד, בין איך אָנגעקומען אין פּתח תקוה.

פּתח תקוה איז די גרעסטע ייִדישע קאָלאָניע אין ארץ ישראל. דער אַרײַנפֿאָר אין פּתח-תקוה האָט מיך דערמאָנט אַ ייִדיש שטעטל אין ליטע. אַ מאַרק מיט קופּקעס ייִדן, קרעמלעך, וועגן, פֿערד, קי, ציגן, הינער און שטויב, און מאַקע אַ סך שטויב. נאָר אַ ביסל ווײַטער איז געוואָרן אויס ליטוויש שטעטל און איך האָב דערזען אָראַנזשען גערטנער, און הײַזער, וועלכע באָדן זיך אין גרינס.

אין פּתח תקוה האָב איך געפֿונען צוויי פֿון מײנע אַלטע באַקאַנטע, דעם באַוווסטן העברעיִשן שרײַפֿטשטעלער יעקב ראַבי- נאָוויץ און דעם ר׳ פֿון פּתח-תקוה, אבא ציטראָן. פֿון דעם רב האָב איך געהאַט װײניק נוצן. איך האָב מיט אים פֿאַרבראַכט אַ פּאָר שעה. ער איז אַן אינטעליגענטער מענטש און ווייס פֿיל, אָבער איך בין פֿון אים נישט קלוגער געוואָרן. אַ רב בלײַבט אַ רב. מער נוצן האָב איך שוין געהאַט פֿון מײַן אַלטן פֿרײַנד, יעקב ראַבינאָוויץ. צו אַלער ערשט האָב איך מיט אים אָפּגעמאַכט, אַז מיר זאָלן רעדן ייִדיש און ער זאָל מיך נישט מוטשען מיט ספֿרדי- שע העברעיִש. האָט ער זיך נישט געדונגען מיט מיר און האָט מיר נאָכגעגעבן. נאָכדעם האָבן מיר אָפּגעמאַכט, אַז ער זאָל קומען גאַנץ פֿרי צו מיר אין האָטעל און ער זאָל מיך פֿירן ווײַזן די קאָ- לאָניע. איז ער געקומען און האָט מיך געפֿירט. שוין אײנמאָל געפֿירט! איך בין פּשוט אָן כּוחות געבליבן. ער האָט מיך אויס- געפֿירט אין יעדן ווינקעלע, האָט מיר אויסדערציילט די היסטאָריע פֿון יעדן „פּרדס“ (אראַנזשען גאָרטן) און פֿון יעדן קאָלאָניסט און צום סוף האָט ער מיר געגעבן צו פֿאַרבײַסן מיט דער קלײנער קאָלאָניע פֿון די תּימנער (יעמענער) ייִדן, וועלכע געפֿינט זיך דאָרט בײַ פּתח תקוה. איך האָב אים געזאָגט, אַז די תּימנער ייִדן שענק איך אים אינגאַנצן אַוועק. אַז זײ אינטערעסירן מיך בלויז, אַלס אַ היסטאָרישע קוריאָזיטעט און ווײַטער פֿיל איך זיך צו זײ אינגאַנצן פֿרעמד. זײ זענען פֿולשטענדיקע אַראַבער, נישט מער פֿון דער ייִדישער רעליגיע, און איך קאָן גאַנץ גוט באַשטײן, ווען איך וועל זײ נישט האָבן אין דער משפּחה. מײַן פֿרײַנט, אָבער, האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט מסכּים זײַן מיט מיר. איך האָב מיט אים געמוזט גײן אין דער תּימנער קאָלאָניע. נאָר אַלץ, וואָס איך האָב דאָרטן געזען, איז געווען אַ תּימנער ווײַבל, אַן עכטע אַראַבערקע אין ברײטע הויזן, וועלכע איז געזעסן אויף דער ערד און האָט גערײניקט אַ שעפּסענעם אינגעווייד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך אַזאַ ריח, אַז אפֿילו מײַן פֿרײַנט האָט געוואָלט וואָס שנע- לער אַוועקגײן.

די תּימנער ייִדן בײַ פּתח תקוה אַרבעטן בײַ די פּתח תקוה-

צר קאָלאָניסטן און באַקומען פֿאַר אַרבעט אַ הונגער־לוין. דערפֿאַר האָבן אָבער די ציוניסטן מיט דער הילף פֿון באַראָן ראָטשילד (אויב איך האָב נישט קיין טעות) זיי באַזאָרגט מיט קליינע שטיקלעך לאַנד, פֿון וועלכע זיי קאָנען אונטערשטיצן זייער אָרעמע חיונה, אַ־בעטנדיק אַ גאַנצן טאָג, ווי די פֿערד, בײַ די קאָלאָניסטן פֿון פּתח תּקוה און נאָכדעם בײַ זיך אין דער היים.

---

אין פּתח תּקוה האָב איך געפֿונען כּמעט די זעלבע לאַגע ווי אין ראשון לציון און רחובות. אַראַנזשען, לימאָנען, מאַנדלען, אתרוגים וויפֿיל איר ווילט, אָבער קיין אייגענע ברויט, מילך און אייער איז נישטאָ. דאָס דאַרף מען קויפֿן בײַ די אַראַבער.

פּתח תּקוה איז אין אַלגעמיין מער שטעטל ווי קאָלאָניע. אַ גאַנץ באַדייטנדיקער טייל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פּתח תּקוה זענען איבערהויפּט נישט קיין קאָלאָניסטן. בײַ די העברעיסטן איז פּתח תּקוה אַ שוואַרצער פֿלעק אין דער משפּחה, וואָרום פּתח תּקוה איז אַ פֿעסטונג פֿון יידיש. העברעיש הערט מען דאָרט גאַנץ ווייניק. אין אַלגעמיין זענען די קאָלאָניעס נאָך ווייניק העברעיזירט, און פּתח תּקוה איז ווייניקער ווי אַלע. אין פּתח תּקוה געפֿינען זיך אַ רעלאַט ביסל יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען באַשעפֿטיקט בײַ די קאָלאָניסטן. נאָר ווען די יידישע אַרבעטער אין די קאָלאָניעס וועט מיר אויסקומען צו שרייבן אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען.

---

# א וואַלד אָן בוימער

אײדער איך האָב פאַרלאָזן יאַפּע מיט די אַרומיקע ייִדישע קאָלאָניעס אין יהודה, האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן נאָך איין וויכטיקן פּלאַץ, וואָס איז נישט ווייט פון יאַפע, און דאָס איז דעם „יער הערצל" (הערצלס וואַלד).

עס איז אמת, אַז איך האָב נאָך פון פריִער געוווּסט, אַז דער „יער הערצל" איז נישט מער ווי אַ מליצה. איך האָב געוווּסט, אַז יעגער גײען נישט שיסן קיין בערן אין הערצלס וואַלד. איך האָב אפילו געוווּסט, אַז אין הערצלס וואַלד זענען קיין בוימער נישטאָ. דעריבער איז מיר געווען מאַקע באַזונדערס אינטערעסאַנט צו באַזוכן דעם „וואַלד". איך האָב געוואָלט זען ווי עס קוקט אויס אַ וואַלד אָן בוימער.

און איר דאַרפט וויסן, אַז דער הערצל-וואַלד פאַרנעמט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון דער נייער קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל זייער אַ וויכטיקן פּלאַץ. וועגן „יער הערצל" איז אַ גאַנצע ליטעראַטור אָנגעשריבן געוואָרן. די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר דעם „וואַלד" געזאַמלט געלט אין אַלע עקן פון דער וועלט. דער דאָזיקער „וואַלד" איז עס געפּלאַנצט געוואָרן צו פאַראייביקן דר. הערצלס נאָמען אין ארץ ישראל און נישט בלויז יעדער גוטער ציוניסט נאָר אויך יעדער וואַרעמער סימפּאַטיקער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פאַרערער פון דר. הערצל האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו געבן געלט אויף צו פלאַנצן אַ בוים אין דעם „וואַלד". איך געדענק נישט גענוי וויפיל מען האָט געדאַרפט געבן פאַר פלאַנצן אַ בוים, נאָר אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דער פּרייז געווען נישט ווייניקער ווי צען דאָלאַר. איך ווייס נישט, וויפיל רובל, דאָלאַרן, מאַרקן און פראַנקן די ציוניסטן האָבן צונויפגעזאַמלט צו פלאַנצן דעם

„יער הערצל", נאָר אויף וויפיל איך קאָן רעכענען האָט מען פאַר דעם געלט געקאָנט פאַרפלאַנצן אַ גאַנץ גרויסן וואַלד, און אַזוי ווי עס איז שוין אַן ערך 15 יאָר, ווי מען האָט אים אָנגעפאַנגען פלאַנצן האָט אין אים שוין געדאַרפט זיין אַ רעכט ביסל גרויסע, אויסגעוואַקסענע ביימער. נאָר וואָס טויגן אייך מיינע חשבונות, ווען די ציוניסטן האָבן זיך זייערע אייגענע חשבונות, וועלכע שטימען לחלוטין נישט מיט מיינע.

נאָר ווו איז דאָך דער וואַלד? איך בין דאַכט זיך געפאָרן אויפן ריכטיקן וועג און בין געקומען צו דעם ריכטיקן באַצייכנטן פּלאַץ, אָבער קיין וואַלד זע איך אַלץ נישט. איך דריי זיך אַהין, דריי זיך אַהער, איך זוך פון אַלע זייטן און קיין וואַלד איז דאָך נישטאָ. פּשוט נישטאָ קיין ביימער אויף אַ רפואה אַפילו. גיב איך מיר אַ טראַכט. פּונקט אַזוי ווי עס קאָן זיין, דאָס צוליב די ביימער זעט מען דעם וואַלד נישט, ווי עס זאָגט אַ פאָלקס-ווערטל, אַזוי קאָן אויך זיין, אַז צוליב דעם וואַלד זע איך נישט די ביימער. ווענד איך זיך שוין צו מיין פורמאַן פאַר אינפאָרמאַציע. ווו זענען געבליבן די ביימער פון וואַלד? - פרעג איך אים—האָט זיי ווער עס איז אַוועקגעגנבעט, האָבן זיי די ציגן אויפגעגעסן אָדער האָבן זיי זיך באַהאַלטן, אַז קיין עין הרע זאָל זיי נישט שאַטן? — זיי זענען דאָ קיינמאָל נישט געווען—ענטפערט ער מיר גאַנץ קאַלטבלוטיק—אַמאָל האָט מען דאָ יאָ אָנגעפאַנגען פלאַנצן ביימלעך—דערציילט ער מיר — אָבער עס איז פון זיי גאָרנישט געוואָרן און מיר דאָ, אין ארץ ישראל, וואָלטן שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ „יער הערצל", ווען נישט די פאַרשידענע געסט, וועלכע קומען באַזוכן ארץ ישראל, וואָלטן עס אונז נישט דערמאָנט.

מילא, האָב איך מיר געזאָגט, ארץ ישראל איז אין אַלגעמיין אַ לאַנד, צו וועלכער עס נויטיקט זיך אַ סך פאַנטאַזיע, טאָ פאַרוואָס זאָל נישט זיין מעגלעך זיך פאָרצושטעלן די ביימער פון „יער הערצל" אין דער פאַנטאַזיע? און איך האָב פּרובירט אַ פאַנטאַזיר נעבן. און פאַר מיינע אויגן האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויסער געדיכטער וואַלד פון פּאַלמען-ביימער, מאַנדל-ביימער, אָליוון-ביימער און פאַרשידענע אַנדערע, און פויגלען פון פאַרשידענע

קאָלירן זענען געפלויגן פון בוים צו בוים. און חיות פון פאַרשי־דענע מינים זענען אַרומגעלאָפן אויף דעם גרינעם גראָז אונטער דעם שאָטן פון די געדיכטע צווייַגן ז״ן... נאָר וויפיל איז דער שיער צו פאַנטאַזירן? און דאָס איז אַלץ רעכט, ווען איינער האָט אַ ביסל פאַנטאַזיע. וואָס טוט מען אָבער, ווען איינער האָט גאָר־נישט קיין פאַנטאַזיע? אָט האָב איך מיך געטראָפן אין ארץ־ישראל מיט צוויי אַמעריקאַנער יונגעלייט. איינער אַן אַדוואָקאַט פון פילאַדעלפיע און דער צווייטער אַ ריפּאָרטער פון טערע־האַט, וועלכע זענען געקומען באַזוכן דאָס הייליקע לאַנד און זע־נען פונקט ווי איך געפאָרן זען דעם „יער הרצל" און נאָך מיט מער אינטערעס, ווייל זיי האָבן גראַד געגעבן געלט צו פלאַנצן בוימער אין דעם „וואַלד" און זיי האָבן באמונה שלמה געגלויבט, אַז עס איז טאַקע פאַראַן אַזאַ וואַלד און זיי זענען אַזעלכע פראַ־זאיקער, אַז זיי קאָנען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן אַ וואַלד אָן בוימער אין זייער פאַנטאַזיע, הייַנט שטעלט זיך פאָר זייער אַנטוישונג, ווען זיי זענען געקומען צום „יער הרצל"! איך האָב אויף זיי באמת רחמנות געהאַט.

---

קומענדיק צוריק פון „יער הערצל", האָב איך זיך אָפּגעזעגנט מיט יאפע און בין אַוועקגעפאָרן אין חיפה, די צווייטע וויכטיקע האַפן־שטאָט אין ארץ ישראל.

חיפה איז אַן אַראַביש־קריסטלעכע שטאָט. דער גרעסטער טייל פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין חיפה באַלאַנגט צו דער קריסטלעכער אמונה און חיפה איז אַ נעסט פון יידן - פיינד. פון חיפה קומען אַלע העצעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אין חיפה ווערט אַרויסגעגעבן די פאַרביסנסטע יידן־פיינטלעכע צייטונג און פון חיפה ווערן פאַרשפרייט אַלע אינטריגעס פון די פראַנצויזישע פּאָליטישע אַגענטן אויפצוהעצן די אַראַבער קעגן ענגלאַנד, באַנוצנדיק די יידן־פייַנטשאַפט, אַלס דעם בעסטן אַגיטאַ־ציע־מיטל. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס חיפה איז דער הויפט־קוואַל פון יידן - פייַנטשאַפט, זענען דאָך אין חיפה נישט

פאָרגעקומען קיין צוזאַמענשטויסונגען צווישן די יידן און די אראַ-
בער. נאָך מער. ווען די אַראַבער אין יאפע האָבן זיך אָפּגעזאָגט
אַראָפּצונעמען אין זייערע שיפֿלעך די יידישע פּאַסאַזשירן, וועלכע
זענען אָנגעקומען אין יאַפער האַפן, האָבן די אַראַבער אין חיפה
זיי יאָ אַראָפּגענומען ווען זיי זענען אָנגעקומען אין חיפער האַפן.

איך האָב זיך אין חיפה נישט לאַנג אויפגעהאַלטן. איך בין
דאָרטן פאַרבליבן בלויז איין טאָג. קיין איבעריקס אינטערעסאַנטעס
איז דאָרט נישטאָ וואָס צו זען און דאָס ביסל וואָס איז פאַראַן
קאָן מען באַקוקן אין עטלעכע שעה. צווישן די זעענסווירדיקייטן
פון חיפה פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ דער באַרג כרמל. א שיי-
נער באַרג, וואָס רייכע יידן האָבן אויסגעקליבן צו בויען אויף
אים שיינע ווילעס, אין וועלכע מען קאָן גאַנץ אַנגענעם וווינען.
אויבן אויפן באַרג איז די לופט פיל קילער און געזונטער. און א
ים צו באָדן זיך איז נישט ווייט. מען דאַרף בלויז אַראָפּגיין אָדער
אַראָפּפאָרן פון באַרג און דער ים איז גאַנץ נאָענט. און אַ נייער
גלאַטער שאָסיי, נישט לאַנג אויסגעבויט, פירט פון דעם פוס פון
כרמל ביז צו זיין שפּיץ, דאָרט, ווו אליהו הנביא איז אַמאָל גע-
שטאַנען און האָט זיינע וווּנדער באַוויזן אַרויסצוציען רעגן פון
דעם אויסגעטריקנטן ארץ ישראלדיקן הימל אין דער צייט, ווען
די באַפעלקערונג פון אחאב און איזבלס מלוכה שומרון איז גע-
שטאַנען אין געפאַר אויסצוגיין פון הונגער און דורשט צוליב
דער גרויסער טרוקעניש, וואָס איז געווען אין לאַנד.

נאָר שטייענדיק אויפן שפּיץ פון באַרג כרמל האָב איך
נישט געטראַכט וועגן אליהו הנביא און זיינע וווּנדער, וואָס ער
האָט אַמאָל באַוויזן אויף אים. איך האָב בעסער הנאה געהאַט
קוקנדיק אויף דער שיינער פּאַנאָראַמע וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר
די אויגן אַראָפּקוקנדיק פון שפּיץ באַרג אין טאָל אַריין, ווו די
שטאָט חיפה ליגט און זעט־אויס ווי זי וואָלט אַריינגעבויט געווען
אין ים אַריין.

פון דעם שפּיץ פון כרמל קאָן מען אוועקקוקן דורך דער
טרוקענער דורכזיכטיקער לופט פון ארץ ישראל אויף א ווייטע

שמוּדעקע און איר זעט אַ שינע, פאַרבן־רײַכע לאַנדשאַפט אַרום זיך, פון וועלכער איר ווילט נישט אָפּרײַסן אײַערע אויגן.

---

פון חיפה בין איך מיט דער באַן געפאָרן אין צמח (צע־מאַך) אָדער סמך (סעמעך), די לעצטע סטאַציע פון דער ארץ ישראלדיקער אײַזנבאַן.

אויף דער אײַזנבאַן־סטאַציע אין חיפה האָב איך עטוואָס געלערנט. איך האָב אַלץ נישט געקאָנט פאַרשטײן פאַרוואָס אויף די אייזנבאַן־סטאַציעס אין ארץ־ישראל ווערט די קאַסע צו פאַרקויפן בילעטן געעפנט בלויז מיט עטלעכע מינוטן פריִער, ווי דער צוג דאַרף אָפּגײן. בײַ דער קאַסע ווערט אַזאַ געדרענג און אַזאַ שטופּערײַ, אַז אַלע אײַערע גלידער ווערן צעקנייטשט. יעדער שטופּט זיך צו זײַן דער ערשטער צו קויפן זיין בילעט, ווייל איר שטײט אין געפאַר, אַז דער צוג וועט אַוועקגײן פריִער, אײדער איר וועט אײַער בילעט באַקומען. אָנפאַנגס האָב איך געמײנט, אַז אין דעם איז שולדיק די נאַכלעסיקײט און די פוילקײט פון דעם קאַסירער. אָנשטאָט צו עפענען די קאַסע מיט אַ האַלבער שעה פריִער, אײדער דער צוג גײט אָפּ, עפנט ער איר בלויז מיט צען מינוטן פריִער, כדי ער זאָל האָבן מער צײַט צו גענעצן. אויף דער סטאַציע פון חיפה האָב איך, אָבער, ערפאַרן, אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן נאַכלעסיקײט און פוילקײט, נאָר אַז דאָס ווערט געטון מיט אַן אויסרעכנונג. צוקומענדיק צו דער קאַסע צו קויפן אַ בילעט פון חיפה ביז צמח און דערלאַנגענדיק דאָס געלט, פון וועלכע עס איז מיר אַרויסגעקומען עטלעכע פיאַסטר אויסגאַב, האָט דער קאַסיר עפּעס אַ מורמל געטון אויף אַראַביש פון וועלכע איך האָב אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען.

שטײ איך און וואַרט אויף דאָס קלײן־געלט. זאָגט צו מיר אַ ייד, וואָס שטײט אין דער רײ נאָך מיר און שפּאַרט זיך צו דער קאַסע:

האָט איר נישט געהערט וואָס דער קאַסיר האָט אײַך געזאָגט? ער האָט נישט איצט קיין צײַט אײַך צו געבן אויס־

גאָב. איר האָט אַלײן געדאַרפט אָנגרײטן קלײן־געלט און באַצאָלן פאַרן בילעט וואָס עס קאָסט און נישט וואַרטן אויף אויסגאָב. איצט פאַרשטײ איך, ענטפער איך, און פאַנג־אָן צום קאַסיר אַ רײד־טון אויף די הויכע טענער בלשון אנגלית, אַז ער זאָל מיר וואָס גיכער געבן די עטלעכע פיאַסטר, וואָס מיר קומט אַרויס. און וואָס פאַרשטײט איר נישט? דאָס ענגלישע לשון האָט געווירקט ווי אַ כשוף. דער קאַסיר האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט קײן צײט נישט צו זוכן קלײן־געלט און ער האָט מיר גלײך אַרויסגעגעבן די עטלעכע פיאַסטר. פאַר די ענגלישע האָבן זײ מורא, באַמערקט דער ייד, וואָס שטײט בײ מײן זײט.

פאַרנדליק אין צוג, האָב איך פון די פאַסאַזשירן ערפאַרן, אַז דאָס איז אַ סיסטעם אויף די אײזנבאַן־סטאַציעס אין ארץ ישראל צו עפענען די בילעטן־קאַסע בלויז מיט עטלעכע מינוטן פריער פאַר דעם אָפּגאַנג פון צוג, כדי דער קאַסיר זאָל האָבן אַ גוטן אויסרײד נישט אַרויסצוגעבן קײן קלײן־געלט. דאָס איז אַ ספּעציעלע באַקשיש, וועלכע ברענגט אַרײן אַ גאַנץ גשקשהדיקע הכנסה. און ווי מען האָט מיר געזאָגט, איז אין דעם פרט כמעט קײן אונטערשיד נישט, ווער דער קאַסיר איז, אַן אַראַבער אָדער אַ ייד. אמת, די ערפינדונג איז אַן אַראַבישע, אָבער גוטע ערפינדונגען פאַרשפרײטן זיך שנעל און ווערן אינטערנאַציאָנאַל.

———

דער וועג פון חיפה ביז צמח איז נישט קײן לאַנגער, אָבער אַזוי ווי די אײזנבאַן־צוגן אין ארץ ישראל אײלן זיך נישט, דויערט די נסיעה ארום פיר שעה. דערפאַר אָבער האָט מען אויפן וועג די געלעגנהייט צוויי מאָל אריבערצופאָרן דעם ירדן און לאַפּן אַ לענגערן קוק אויף אים.

עס איז אמת, אַז ווען מען דערזעט דעם ירדן אין יענעם געגנט ווערט מען פון אים גאַנץ שטאַרק אַנטוישט. עס מאַכט נישט אויס, וואָס איר ווייסט פון געאָגראַפיע, אַז דער ירדן איז אַ קלײנער, שמאָלער טײך. דער אײנדרוק, וואָס אײך איז געבליבן פון די חדר־יאָרן איז, שטאַרקער ווי דאָס

געאָגראַפֿישע בוך, וואָס איר האָט שפּעטער שטודירט. און פֿון די חדר־יאָרן איז ביי מיר געבליבן דער איינדרוק, אַז דער ירדן איז נישט בלויז אַ וואונדערלעכער טייך, נאָר אויך זייער אַ גרויסער טייך, אפשר דער גרעסטער טייך, וואָס איך האָב מיר געקאָנט פֿאָרשטעלן. און דאָ דערזע איך אַ שמאָל קליין טייכל, וואָס אַ קליין חדר־ייִנגל קאָן אים איבערבראָדשען, פֿאַרקאַשערנדיק די הויזן ביז די קני! עס לאַפּט איין פּשוט אַ רחמנות אויף דעם אָרעמען ירדן, וועלכער איז פּלוצלונג ביי מיר פֿון אַזאַ גדולה אַראָפּגעפֿאַלן. נאָר נאָך אַ גרויסער אַנטוישונג געפֿינט איר דאָך, אַז גראָד אין דעם פּלאַץ, נישט ווייט פֿון צמח, ווו דער ירדן זעט אויס אַזוי אָרעם און קליין, איז ער דאָך שיין. ער דרייט זיך און שלענגלט זיך אַזוי קונציק, אַז ער קרייצט דורך אייער וועג צוויי מאָל. מיר דוכט, אַז אין דעם פּלאַץ איז דער ירדן שענער ווי אומעטום. און ווייל ער שלענגלט זיך און דרייט זיך אַזוי שטאַרק איז זיין וואַסער דאָרטן באַזונדערס שטראָמיק און רוישיק.

ענדלעך האָט זיך דער צוג דערשלעפּט ביז צמח, די לעצטע סטאַציע פֿון דער ארץ־ישראלדיקער אייזנבאַן. צמח איז אַ קליין שטעטל אויף דעם ברעג פֿון ים כנרת (קינערעס), אַ שיין שטיקל לאַנדשאַפֿט. דער ירדן שנייַדט זיך דאָרטן אַריין אין די גרינלעכע וואַסער פֿון כנרת און לויפֿט אַרויס פֿון דער אַנדערער זייט מיט גרויס רוגזה. דאָס בילד איז זייער אַ שיינע. איך האָב געקוקט און הנאה געהאַט. נאָר איך וואָלט אַ סך מער הנאה געהאַט, ווען די זון וואָלט אין יענעם געגנט נישט געווען אַזאַ הייסע. עס איז די היץ פֿון עמק הירדן,... וועלכע בראָט אייך אָפּ אַ לעבעדיקן. און ווען איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז איך וועל אין אָט דעם הייסן פֿייַעריקן ירדן־טאָל דאַרפֿן מאַכן אַ רעכט לאַנגען שפּאַציר צופֿוס, איז מיר נאָך הייסער געוואָרן.

# אין ירדן-טאָל

איך האָב זיך אין צמח (צעמאַך) לאַנג נישט אויפֿגעהאַלטן. איך האָב אײַנגעשפּאַנט די פֿיס און האָב זיך געלאָזן גײן אין ירדן-טאָל באַזוכן די ייִדישע אַרבעטער-קאָלאָניעס. מײַנע פּעקלעך האָב איך איבערגעלאָזן אין חיפֿה אין דעם האָטעל, וווּ איך בין אײַנגעשטאַנען און מיט זיך האָב איך מיטגענומען בלויז אַ קלײן רענצל.

איך בין געגאַנגען אין דגניה (דגאַניאַ), אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע פֿון ייִדישע אַרבעטער, וועגן וועלכע איך האָב אַ ביסל געלעזן און אַ סך געהערט. זי געפֿינט זיך אין עמק הירדן (ירדן-טאָל) און טאַקע נישט ווײַט פֿון ירדן גופֿא. און דאָ האָב איך ערשט פֿאַרזוכט דעם אמתן טעם פֿון ארץ-ישׂראלדיקער זון. דער קלימאַט פֿון עמק הירדן איז אַ פֿולשטענדיק טראָפּישער. די לופֿט איז דאָרטן אַזוי הײס, אַז איר האָט דאָס געפֿיל, ווי איר וואָלט זיך געפֿינען אין אַן אָנגעהײצטן באַק-אויוון. עס איז הײס דער הימל איבער אײַער קאָפּ און עס איז הײס די ערד אונטער אײַערע פֿיס, און אַלס אַ צוגאָב צו דער היץ קומט דער שטויב, אַ דינער ווײַסער שטויב, וואָס עסט זיך אײַן אין דער הויט און דרינגט דורך דעם גאַנצן קערפּער. איר גײט דורך אַ נאַקעטן פֿלאַך, וווּ אַלץ איז פֿאַרטריקנט און פֿאַרברענט פֿון דער הײסער זון און אײַערע אויגן קוקן אויס אויף אַ בוים, וווּ איר וואָלט זיך קענען אַוועקזעצן אַ ווײַלע אָפּרוען אין זײַן שאָטן.

נאָר אָט הויבט אָן בלאָזן אַ ווינטל. איר דערפֿרײט זיך מיט אים. ער וועט אַ ביסל אָפּקילן אײַער צעהיצטן און אָנגעברענטן קערפּער. אײַער שׂמחה ווערט אָבער גלײַך צושטערט. עס איז פֿון ווינטל אײַך נאָך הײסער געוואָרן, און איר וואָלט ווינטשן, אַז עס זאָל אויפֿהערן צו בלאָזן. דאָס ווינטל בלאָזט

אויף אײַך און ווי מיט פֿײַער און באַשיט אײַך מיט אַ הייסן שטויב־
עס איז אַ ווינטל, וואָס קומט פֿון דער מדבר און ער ברענגט
אײַך פֿון דאָרטן אַ נײַע פּאָרציע הייסע לופֿט, וואָס מאַכט די
לופֿט פֿון עמק הירדן נאָך הייסער און פֿײַערדיקער. און עס איז
נאָך גוט ווען עס איז אַ קליין ווינטל. מאַנכעס מאָל גיט אויף
אײַך אַ בלאָז אַ גרויסער ווינט פֿון דער מדבר, וואָס פֿאַרוואַנדלט
די לופֿט אין אַ גיהנום־פֿײַער. איר אָטעמט מיט פֿײַער און ברע־
נענדיקן שטויב. די אַראַבער רופֿן אַזאַ ווינט „כאַמסין“ און
ווער עס פֿאַרזוכט אים איינמאָל בלויז וועט אים קיינמאָל נישט
פֿאַרגעסן.

צוזאַמען מיט מיר איז געגאַנגען אַן אַמעריקאַנער יונגער־
מאַן, אַ געוועזענער לעגיאָנער, מיט וועלכן איך בין באַקאַנט
געוואָרן אויפֿן וועג, פֿאָרנדיק פֿון חיפה אין צמח. ער איז עס
געגאַנגען זיך אָפּגעזעגענען מיט חברים און פֿרײַנט פֿאַר זײַן
אָפּפֿאָרן צוריק אין אַמעריקע. דער דאָקטאָר, נעמלעך, האָט אים
געהייסן בײַטן דעם קלימאַט פֿון ארץ־ישראל, ווײַל ער האָט זיך
אָנגעכאַפּט אין ארץ־ישראל אַ מאַלאַריע (קדחת), פֿון וועלכער
ער קאָן נישט פּטור ווערן. ער האָט זיך אָנגעמאַטערט מער ווי
אַ יאָר צײַט, געפֿיבערט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און גע־
געסן כינין אַלע טעג פֿון דער וואָך. די כינין, זאָגט ער מיר,
שוואַכט אים אָפּ נישט ווייניקער ווי דער פֿיבער. ער האָט דער־
ריבער לעצטנס אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו עסן כינין, ווײַל אי
פֿיבערן, אי עסן כינין איז מער נישט פֿאַר זײַנע כּחות.

כינין, דאַרפֿט איר וויסן, איז די פּאָפּולערסטע אכילה אין
ארץ־ישראל. באַזונדערס אין עמק הירדן. — האָבן מיר אַ לאַנד
פּאַלעסטינע, עסן מיר ברויט מיט כינע — זינגט מען אַ לידל אין
ארץ־ישראל. מײַן ערשטע פּאָרציע כינין, כדי זיך צו פֿאַרהיטן פֿון
מאַלאַריע, האָב איך אײַנגענומען אין יאַפֿע און פֿון דאָרטן אָן פֿלעג
איך יעדן טאָג, ווי אַ פֿרומער ייִד לייגט תּפֿילין, אָפּהיטן צו שלינ־
גען דעם ביטערן פּיל, ביז איך האָב מיך געזעצט אויפֿן שיף אין
אַלעקסאַנדריע. נאָר וואָס איז שייך צו מיר, האָט די כינין אפֿשר
געהאָלפֿן דעם אַפּטייקער, אָבער נישט מיר.

דער דאָזיקער אַמעריקאַנער יונגערמאַן, וועלכער איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער געגנט, איז מיר שטאַרק צונוץ געקומען. ער איז אַזוי אײַנפאַך געוואָרן מײַן וועג־ווײַזער און איך האָב פאַר־שפּאָרט בלאָנדזשען און זוכן ווו די יידישע אַרבעטער־קאָלאָניעס געפינען זיך.

דעם ערשטן אָפּשטעל האָב איך געמאַכט אין דער אַרבעטער־קאָלאָניע באַטאַניע, וועלכע ליגט בײַם ירדן. עס איז אַ שײנע קלײ־נע קאָלאָניע, וועלכע ווערט אויסגעהאַלטן און פאַרוואַלטעט פון דער יק״א (יידישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט, געגרינדעט פון באַראָן הירש). די קאָלאָניע איז באַוואַקסן מיט ביימער און זעט אויס אין דעם נאַקעטן הײסן ירדן־טאָל ווי אַן אָאַזיס אין דער וויסטעניש. די אַרבעט ווערט דאָרטן אָנגעפירט קאָאָפּעראַטיוו. אַלע אַרבעטן צוזאַמען און אַלע קריגן גלײַך באַצאָלט פאַר זײער אַרבעט. די קיך איז אַ קאָמוניסטישע. אַלע עסן צוזאַמען און יע־דער גיט אָפּ אַ געוויסן טײל פון זײַנע פאַרדינסטן אויסצוהאַלטן די קיך.

איך האָב זיך לאַנג נישט אויפגעהאַלטן אין באַטאַניע. איך בין געווען מיד פון גאַנג און אויסגעמאַטערט פון דער היץ און האָב זיך געוואָלט אַ ביסל אָפּרוען. און דער בעסטער פּלאַץ זיך אָפּצורוען איז געווען בײַם ברעג פון ירדן, וועלכער איז בײַ באַ־טאַניע אָפּגעזוימט מיט אַ רײ שאָטנדיקע ביימער. דער ירדן בײַ באַטאַניע איז טיפער און ברײטער. דאָרטן זעט ער אויס אַ גאַנץ בכבודיקער טײַך און מען קאָן אין אים כאַפּן אַ נישקשהדיקן שווים.

זיך אָפּגערוט און אָפּגעקילט אַ ביסל, האָב איך מיך געלאָזן גײן צו די דגניה׳ס: דגניה א׳, דגניה ב׳ און דגניה ג׳. די עלט־סטע פון די דרײַ איז דגניה א׳. זי עקזיסטירט שוין אַן ערך 10 יאָר און אויב איך האָב קײן טעות נישט איז זי די ערשטע „קבוצה״ (קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־קאָלאָניע) אין ארץ־ישראל, וואָס די עלטסטע, וועלכע איז געבליבן אין עקזיסטענץ.

די „קבוצה״ אין דגניה א׳ באַשטײט צום גרעסטן טײל פון אומפאַרהײַראַטע יונגעלײַט. פאַרהײַראַטע יונגע פאָרלעך זענען

דאָרט פאַראַן צוויי אָדער דריי. אַ חוץ דעם זענען דאָרטן פאַראַן צוויי אָדער דריי מיידלעך.

דגניה, ווי אַלע אַנדערע ייִדישע קאָלאָניעס אין גליל (גאַליל), פּראָדוצירט ברויט, גריִנס און מילכיקס. דאָס איז די גרעסטע מעלה פון די ייִדישע קאָלאָניעס אין גליל. די קאָלאָניסטן האָבן ווייניקסטנס אייגענע שפּייז. די אַרבעט אין דגניה ווערט אָנגעפירט קאָאָפּעראַטיוו. די קיך איז אַ קאָמוניסטישע ווי אין באַטאַניע. אין דעם קאָאָפּעראַטיוו איז אָבער פאַראַן אַ קליינע גרופּע פון פינף אָדער זעקס פּערזאָן, וועלכע לעבן אינגאַנצן קאָמוניסטיש. זיי האָבן אַן אַלגעמיינע קאַסע, ווו יעדער פון זיין גרופּע גיט אַוועק זיין פאַרדינסט און ער קריגט אַלץ, וואָס ער האָט נויטיק. קיין אייגנצלנע חשבונות ווערן נישט געפירט, צי איינער פאַרבראַכט מער אָדער ווייניקער.

די אָפיציעלע שפּראַך פון דער „קבוצה" איז העברעיִש, וועלכע אַנדערע רעדן גאַנץ גוט און אַנדערע גאַנץ שלעכט. נאָר ווען די העברעישע שפּראַך ווערט צו ענג העלפט מען זיך אַרויס מיט רוסיש אָדער מיט ייִדיש. אין אַלגעמיין האָב איך אַ גרויסן חשד, אַז די פּאָרלעך צווישן זיך און אַזוי חברים און חברות רעדן צווישן זיך רוסיש אָדער ייִדיש, אויף וועלכער עס רעדט זיך לייכטער, פאַרשטענדלעכער, נאַטירלעכער און אינטימער. און דאָס איז נישט קיין חשד סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר אַ גוט באַגרינדעטער, אויסער ווען מיינע אויערן האָבן מיך אָפּגענאַרט.

עס איז געווען שבת פאַרמיטאָג, ווען איך בין אָנגעקומען אין דגניה. כמעט אַלע מיטגלידער פון „קבוצה" האָבן זיך געפונען אין דער קיך־געביידע אָדער אַרום איר. די פרויען, די מיידלעך זענען געווען באַשעפטיקט מיט קאָכן און פאַרברייטן וואַרעמעס. בעת אייניקע מאַנסבילן האָבן געריייניקט די קיך, דעם שפּייזצימער און האָבן געהאָלפן וואַשן געשיר. שבת איז דער טאָג, ווען די „קבוצה" רוט פון דער אַרבעט אין פעלד, און איך האָב מיין נסיעה טאַקע אַזוי אויסגעמאַרקירט, אַז איך זאָל מאַנכע קבוצות קאָנען באַזוכן אין דעם טאָג, ווען מען קאָן די מייסטע מיטגלידער געפינען לעדיק און האָבן די געלעגנהייט זיך דורכצורעדן

מיט זיי. איך בין דערינבער פון היפה ארויסגעפארן שבת גאנץ פרי, כדי איך זאל קאנען דעם טאג אויסנוצן ווי געהעריק. אגב האב איך דערביי אויך געהאט א רעכנונג פון שפארן צייט. ווען איך וואלט נישט ארויסגעפארן פון חיפה שבת פרי וואלט איך ערשט געקאנט אפפארן פון דארט מאנטאג, ווייל אין דעם יידישן „היימלאנד", אין ארץ ישראל, רוען די אייזנבאנען זונטאג. ווי אזוי דאס שיקט זיך, אז אין א לאנד, וווּ 600 טויזנט פון די איינוווינער (די אראבער פון מוסולמאנער גלויבן) האבן זייער רו-טאג פרייטאג, און 75 אדער 80 טויזנט יידן האבן זייער רו-טאג שבת, און בלויז ארום 70 טויזנט (קריסטן) האבן זייער רו-טאג זונטאג, זאלן אויך די באנען רוען זונטאג—די דאזיקע פראגע דארף מען שטעלן דער ענגלישער אדמיניסטראציע אין ארץ ישראל. אפשר קאן זי געבן אן ענטפער. ווארום די יידן אין ארץ ישראל, וועלכע דארפן זיין די אמתע באלעבאטים פון לאנד, לויט באלפורס דעקלאראציע, האבן מיר קיין ענטפער נישט געקאנט געבן.

נישט ווייט פון דגניה א' געפינט זיך דגניה ב', א צווייטע קבוצה, וועלכע האט זיך דארטן נישט לאנג באזעצט. אין דגניה ב' זענען נאך אפילו נישטא קיין שטענדיקע געביידעס. אינגאנצן זענען דארטן פאראן א פאר געביידעס. איינע איז צונויפגעשלאגן פון ברעטער ווי א סוכה און דאס איז אלץ. דער איבעריקער טייל פון דער קאלאניע באשטייט פון לייוונטענע געצעלטן, אין וועלכע די מיטגלידער פון דער קבוצה וווינען און שלאפן. אין איינער פון די ציינטווייליקע געביידעס געפינט זיך די קיך און דאס שפייז-צימער פון דער קבוצה.

די גאנצע קבוצה באשטייט דורכויס פון יונגע מענטשן, פון געוועזענע לעגיאנערן און פרי אנגעקומענע חלוצים. עס איז דארטן פאראן בלויז איין פארהייראטע פארל און פיר אדער פינף מיידלעך, חלוצות. דגניה ב' איז א פולשטענדיקע קאמוניסטישע קבוצה. עס איז פאראן אן אלגעמיינע קאסע. אין וועלכער יעדער מיטגליד פון דער קבוצה גיט אוועק אלץ, וואס ער פארדינט און קריגט דערפאר אלץ, וואס ער האט נויטיק, אויב עס איז נאר פאראן געלט אין דער קאסע.

איך האָב זיך פאַרינטערעסירט אויסצוגעפינען, אויב עס קומען נישט אַרויס קיין סכסוכים, ווען איינער פאַרברויכט מער פון דער אַלגעמיינער קאַסע און דער אַנדערער ווייניקער. דער ענטפער איז געווען, אַז פאַרוויפיל זענען אַזעלכע סכסוכים נישט פאָרגעקומען, און קיינער האָט אויך ביז איצט נישט פּראָבירט אויסצונוצן די קאַסע פאַר זיך אויף דעם חשבון פון דעם כלל. דער איינציקער אונטערשייד אין די הוצאות קאָן בלויז זיין, וואָס איינער רייכערט און דער אַנדערער נישט, אָדער ביים נעמען וואַקאַציע, צו וואָס יעדער מיטגליד פון דער קאָמונע איז באַרעכטיקט. דאַן קאָן איינער פאַרלעבן אָדער אויסגעבן אַ פונט מער אָדער ווייניקער, חשבונט מען זיך נישט וועגן דעם און אַלץ גייט גלאַט.

און אין דער אמת, קאָנען טאַקע נישט פאָרקומען קיין פיל סכסוכים. די גאַנצע קבוצה פירט אַ העכסט פּרימיטיוון לעבן. מען עסט דאָס איינפאַכסטע און מען גייט אָנגעטון נאָך איינפאַכער. די קבוצה איז פריי נישט בלויז פון פאַריזער מאָדעס, נאָר אַפילו פון ירושלימער מאָדעס. אַ פּאָר הויזן מיט אַ געל-ברוינלעכע העמדל איז אַ גענגענדיקע באַקליידונג פאַר אַ חלוץ, און אַ ציצענע קליידל איז אַ גענגענדיקע באַקליידונג פאַר אַ חלוצה. אויף שיך איז מען גאָר קיין בעלי הוצאות נישט, ווייל באָרוועס איז נישט נאָר ביליקער, נאָר אויך לייכטער, ווי גיין אין שיך. די הויפּט-הוצאה איז עסן, אָבער וועמען וועט עס איינפאַלן נאָכצורעכענען אויב איינער עסט מיט אַ ביסן ברויט אָדער אַ לעפל זופּ מער?

אין דגניה ב' האָב איך געגעסן דעם ערשטן מילכיקן וואַרעמעס. אַ פּשוטער דאָרפישער מאָלצייט, אָבער איך האָב אים געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. ענדלעך דאָך דערטאַפּט אין אַ יידישער קאָלאָניע אין ארץ ישראל עפּעס דאָרפישע אכילות. נאָכן עסן האָט יעדער איינציקער געקריגן אַ פּיל כינין צו פאַרבייסן. דאָס איז אַ מנהג, פון וועלכן מען טאָר נישט אָפּטרעטן. ביים טיש האָט מען גערעדט בלויז העברעיש, אָבער אויך דאָ האָב איך באַמערקט, אַז בלויז איינצלנע קענען דאָס לשון ווי געהעריק.

די קבוצה פון דגניה ב' איז מיר פיל מער געפעלן געוואָרן, ווי די קבוצה פון דגניה א'. זי האָט אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערן

סימפאטישן איינדרוק. איך האב אין איר געזען מער לעבן, מער שטרעבן און מער אידעאליזם, ווי אין דער קבוצה אין דגניה א׳. מעגלעך, אז מיין איינדרוק איז געווען א פאלשער. עס קאן זיין, אז ער איז געקומען פון דעם, וואס איך האב אין דגניה ב׳ פאר־בראכט א לענגערע צייט און איך בין מיט די ארבעטער דארטן נענטער באקאנט געווארן.

וואס איז שייך צו דעם מאטעריעלן צושטאנד פון די ביידע קבוצות איז ער ביי ביידע נישט איבעריק גלענצנדיק. ביידע דארפן אנקומען צו שטיצע און ווען זיי וועלן זיך קאנען שטעלן אויף די אייגענע פיס, ווייס איין גאט אין הימל.

אין אלגעמיין גייט אן צווישן די ציוניסטישע טוער אין ארץ ישראל א גאנץ שטארקע דעבאטע וועגן די קאאפעראטיווע קאלאניעס. די מיינונגען זענען געטיילט. איין צד איז שטארק איינגענומען פאר דער קאאפעראטיווער קאלאניזאציע און געפינט, אז דאס איז די בעסטע פארם פון קאלאניזאציע, דורך וועלכע מען קאן אויפבויען דאס לאנד, בעת יעדע אנדערע פארם פון קאלאניזאציע, וועלכע איז געגרינדעט אויף פריוואט־אייגנטום און אינדיווידועלער איניציאטיוו מוז זיין א דורכפאל, און דער צווייטער צד באהויפטעט גראד דאס אומגעקערטע. ער זאגט, אז בלויז א קאלאניזאציע, וועלכע איז געגרינדעט אויף פריוואט־אייגנטום, קאן האבן אן ערפאלג, בעת די קאאפעראטיווע קאלאניזאציע מוז זיין א דורכפאל. אלס באווייז מעגן דינען די קאאפעראטיווע קאלאניעס, וועלכע זענען געגרינדעט געווארן ביז איצט.

איך האב גענוי אויסגעהערט די ארגומענטן פון ביידע צדדים. אבער די שוואכקייט פון ביידע צדדים באשטייט אין דעם, וואס יעדער פון זיי קאן זיך בלויז באנוצן מיט א נעגאטיוון באווייז און נישט מיט קיין פאזיטיוון. די אנהענגער פון קאאפעראטיווע קאלאניזאציע באווייזן בלויז דעם דורכפאל פון דער פריוואטער קאלאניזאציע, זיי קאנען אבער נישט באווייזן דעם ערפאלג פון דער קאאפעראטיווער קאלאניזאציע. די אנהענגער פון פריוואטער קאלאניזאציע ווידער, קאנען בלויז באווייזן דעם דורכפאל פון דער קאאפעראטיווער קאלאניזאציע, אבער זיי קאנען נישט באווייזן דעם

ערפאָלג פון פּריוואַטער קאָלאָניזאַציע. פאַר דעם ווייטיקן מענטש בלייבט דעריבער בלויז צו זאָגן, אַז וואָס איז שייך צו די באַחייזן מעגן דעם דורכפאַל, וואָס איין צד ברענגט קעגן דעם צווייטן זענען ביידע צדדים גערעכט. ווארום דער אמת איז, אז ביז איצט זענען ביידע פאָרמען פון קאָ־אָניזאַציע—אי די פּריוואַטע, אי די קאָאָפּעראַטיווע, געווען אַ דורכפאַל אין ארץ ישראל. אַלנפאַלס וואָס איז שייך צו די ניי־געגרינדעטע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס קאָן יעדער גאַנץ לייכט נביאות זאָגן, אַז זיי וועלן לאַנג קיין קיום נישט האָבן. די דאָזיקע קאָלאָניעס באַשטייען פון בחורים, וואָס יעדער פון זיי קאָן אין אַ שיי־עם פּרימאָרגן אויפשטיין און איבער־אָזן די קאָלאָניע אויף גאָטס בעראָט. און אויב דאָס קומט איצט פאָר בלויז אין אַ קליינעם מאַסשטאַב, קאָן עס שפּעטער, ווען די באַגייסטערונג פאַר בויען דאָס לאַנד וועט נאָך מער צעשמאָלצן ווערן פון דער הייסער זון, פאָרקומען אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב. צו קאָלאָניזירן לאַנד דאַרף מען האָבן פאַמיליעס. בחורים טויגן דערצו נישט. אַ פאַמיליע ווערט צוגעבונדן צו דעם שטיקל ערד, אויף וועלכן זי באַזעצט זיך. אַ בחור אָבער, איז אַ באַוועגלעכע באַשעפעניש. אים איז שווער זיך אָנצובינדן אָן אַ שטיקל ערד, בפרט נאָך ווען די אַרבעט איז אַזוי שווער און די באַפרידיקונג איז אַזוי מינימאַל קליין. דאָס איינציקע, וואָס האַלט די בחורים אויף דעם פאַרטריקנטן באָדן פון זייער קאָלאָניע, איז די אידעע פון בויען דאָס לאַנד. און אויך דאָס נישט ביי אַלע פון זיי. אַ גאַנץ באַדייטנדער טייל שטייט אויפן פּלאַץ בלויז צוליב דעם, ווייל עס איז איצט נישטאָ ערגעץ אַנדערש־ווו צו גיין. דער איינציקער עלעמענט, אַלזאָ, אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן, זענען די אידעאַליסטן. די, וועלכע זענען היינט גרייט אַלץ מקריב צו זיין פאַר בויען ארץ ישראל. אָבער ווי לאַנג קאָן דער דאָזיקער אידעאַליזם, די דאָזיקע באַגייסטערונג אָנהאַלטן, אונטער די שווערע, כמעט האָפענונגס־לאָזע באַדינגונגען פון ארץ ישראל? יעדע נייע אַנטוישונג דערשלאָגט די באַגייסטערונג און דריקט אַראָפּ דעם מוט. און נייע אַנטוישונגען זענען פאַראַן אַלע ווייליע.

וואָלט געווען אַ סברא די בחורים חתונה צו מאַכן, איז

ערשטנס נישטאָ מיט וועמען, חלוצים זענען פאַראַן אַ סך, חלוצות אָבער גאַנץ ווייניק. צווייטנס קאָנען די בחורים ביי זייערע איצטי־קע פאַרדינסטן נישט התונה האָבן.

ווען מען רעדט וועגן פאַרדינסטן אין די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס, איז דאָס בלויז טעאָרעטיש. פּאַקטיש זענען אין די קאָ־אָפּעראַטיווע קאָלאָניעס ביז איצט כמעט קיין פאַרדינסטן נישט געווען. ווי פּרימיטיוו די אַרבעטער לעבן דאָרט נישט און ווי קליין זייערע הוצאות זענען נישט, איז דאָך דער דעפיציט פון די קאָלאָניעס זייער אַ גרויסער. און תּען זיי זאָלן נישט באַקומען קיין סובסידיע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָדער פון דער יק"א, וואָלטן זיי שוין לאַנג פאַרלאָזן געוואָרן פון די אַרבעטער.

וועגן פאַרדינסטן קאָן מען בלויז רעדן בנוגע צו די אַרבע־טער אויף די שאָסייען. זיי פאַרדינען פון 50 ביז 60 פּיאַסטער אַ טאָג, דאָס איז אין אַמעריקאַנער געלט גערעכנט אַרום דריטהאַלבן דאָלאַר. אָבער די שאָסיי־אַרבעט איז בלויז אַ צייטווייליקע. עס איז אמת, אַז די אַרבעטער וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם חדר פון שאָסיי־אַרבעט זענען צוגעפּאַסט פאַר יעדער שווערער אַרבעט און זיי זענען אויך גרייט זיך צו נעמען צו יעדער אַרבעט, ווי שווער זי זאָל נישט זיין. אָבער באַקומען אין פּאַלעסטינע אַרבעט, אַפילו שווערע אַרבעט, איז זייער אַ שווערע זאַך. שווערער ווי די אַרבעט גופא. אַמבעסטן וואָלטן די שאָסיי־אַרבעטער געוואָלט גיין אַרבעטן אין די קאָלאָניעס. כמעט יעדער פון זיי האָט אַ גרויסן חשק צו ערד־אַרבעט, אָבער מען דאַרף פועלן ביי די יידישע קאָלאָניסטן, אַז זיי זאָלן וועלן נעמען יידישע אַרבעטער אין זייערע קאָלאָניעס.

די אַרבעט אין די קאָלאָניעס איז זייער אַ שווערע און אַ שלעכט־באַצאָלטע. דער אַרבעטס־טאָג איז אַ גאַנץ לאַנגער און מען באַקומט באַצאָלט אַרום 20 פּיאַסטער אַ טאָג, וואָס דאָס איז, ביי דעם גרויסן יקרות, וואָס הערשט אין פּאַלעסטינע, נישט גענוג אַפילו אויף אַ הונגער־לעבן פאַר איין מענטש. אָבער אויך דאָס איז זייער שווער צו באַקומען פאַרן יידישן אַרבעטער. די יידישע קאָלאָניסטן ווילן נישט האַלטן קיין יידישן אַרבעטער. זיי חילן בעסער האַלטן אַראַבישע.

אָך דעם פּאָגראָם אין יאַפֿע, האָט אַ גרעסערע צאָל ייִדישע קאָלאָניסטן אָפּגעזאָגט ווייטערע אַראַבישע אַרבעטער און צוגענומען אויף זייער אָרט ייִדישע. דער פּאָגראָם האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אַזאַ שרעק אויף דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ארץ ישראל, אַז די ייִדישע קאָלאָניסטן האָבן איינפֿאַך געהאַלטן פֿאַר נישט זיכער צו האַלטן אַראַבער אין זייערע קאָלאָניעס. און די „אחדות העבודה“, וואָס איר „אַרבעטער=קאַמף“ באַשטייט הויפּטזעכלעך צו באַקעמפֿן די אַראַבישע אַרבעטער אין די ייִדישע קאָלאָניעס, כּדי ייִדישע אַרבעטער זאָלן פֿאַרנעמען זייערע פּלעצער, האָט דעם מאָמענט אויסגענוצט. ווי מער וואָס זי האָט אַפּעלירט צו די נאַציאָנאַליסטישע געפֿילן פֿון די ייִדישע קאָלאָניסטן, האָט זי גאַנץ באַזונדער שטאַרק אַפּעלירט צו די ייִדישע קאָלאָניסטן אין נאָמען פֿון געפֿאַר. עס איז געפֿערלעך צו האַלטן די אַראַבישע שונאים, די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס ביי זיך אין דער היים.* און דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג. אמת, נישט אויף אַלעמען. די קאָלאָניסטן אין ראשון לציון און טיילווייז אין רחובות, וועלכע זענען געווען אַזוי נאָענט צו דעם יאַפֿער פּאָגראָם, האָבן זיך געמאַכט האַרץ און האָבן די אַראַבישע אַרבעטער נישט אָפּגעזאָגט. די קעשענע-אינטערעסן האָבן ביי זיי איבערגעוווגן נישט נאָר זייערע נאַציאָנאַליסטישע געפֿילן, נאָר אויך די פּאָגראָם-געפֿאַר. אין אַנדערע קאָלאָניעס אָבער, האָבן די ייִדישע קאָלאָניסטן אָפּגעזאָגט די אַראַבישע אַרבעטער און צוגענומען ייִדישע אויף זייער אָרט. אין פּתח תקוה למשל, זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן אַלע אַראַבישע אַרבעטער. אגב דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אין פּתח תקוה זענען שוין אַ סך ייִדישע אַרבעטער געווען באַשעפֿטיקט, איידער דער פּאָגראָם אין יאַפֿע האָט אויסגעבראָכן.

ביסלעכווייז אָבער, האָט מען דעם יאַפֿער פּאָגראָם אָנגעפֿאַנגען פֿאַרגעסן און די אַראַבישע אַרבעטער האָבן זיך צוריק אָנגעפֿאַנגען באַווייזן אין די ייִדישע קאָלאָניעס. אין מאַנכע קאָלאָניעס שוין אין עטלעכע וואָכן אַרום נאָכן פּאָגראָם.

פֿאַר דעם ייִדישן קאָלאָניסט איז דער אַראַבישער אַרבעטער נישט נאָר אַ ביליקערער ווי דער ייִדישער, נאָר אויך אַ באַקווע-

מערער. מיט דעם אַראַבישן אַרבעטער דאַרף מען זיך נישט צערעמאָניען. ער איז בײַ אים אַ קנעכט. ער איז עס, ווען ער אַרבעט בײַ דעם אַראַבישן עפענדי (פּריץ) און ער דאַרף עס דעריבער זײַן אויך בײַ דעם ייִדישן עפענדי. מיט דעם ייִדישן אַרבעטער, אָבער, קאָן זיך דער ייִדישער קאָלאָניסט אַזוי נישט באַגיין ווי מיט דעם אַראַבישן. ערשטנס איז דער ייִדישער קאָלאָניסט דאָך אַ „ברודער", און עס איז עפּעס נישט אָנגענעם צו באַהאַנדלען אַ „ברודער" ווי אַ קנעכט, צווייטנס לאָזט זיך טאַקע נישט דער ייִדישער אַרבעטער באַהאַנדלען ווי אַ קנעכט. ער האַלט זיך פּונקט פֿאַר אַזאַ יחסן, ווי דער באַלעבאָס זײַנער. אין דער ווירקלעכקייט האַלט ער זיך פֿאַר אַ סך אַ גרעסערן יחסן. ער קוקט אויף זײַן באַלעבאָס פֿון אויבן אַראָפּ. ער, דער ייִדישער אַרבעטער, איז דאָ אין ארץ ישראל צוליב אַ גרויסן אידעאַל. ער איז מקריב זײַן לעבן צו בויען דאָס לאַנד, צו באַשאַפֿן אַ נאַציאָנאַלע היים פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק, בעת זײַן באַלעבאָס איז נישט מער ווי אַ בעל הגוף, וואָס האָט בלויז אין זינען זײַן קאָלאָניע און אַרויסצובאַקומען וואָס מער אַרבעט פֿון זײַנע אַרבעטער פֿאַר דעם ביליקסטן פּרײַז.

און דער ייִדישער קאָלאָניסט ווייס, וואָס דער ייִדישער אַרבעטער טראַכט וועגן אים, און ער האָט אים פֿײַנט און ער וויל אים נישט האַלטן בײַ זיך, און די יעניקע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן צוליב דער עפֿנטלעכער מיינונג שוין יאָ אָנגעשטעלט ייִדישע אַרבעטער, קוקן אויף זיך, ווי אויף מאַרטירער. זיי גלייבן, אַז זיי ברענגען אַ גרויסן קרבן אויף דעם מזבח פֿון ציוניזם, ווען זיי באַשעפֿטיקן ייִדישע אַרבעטער אַנשטאָט אַראַבישע, און זיי לאָזן עס זייערע ייִדישע אַרבעטער פֿילן בײַ יעדער געלעגנהייט.

די אונטערשטע שורה איז, אַז עס איז אַ גאַנץ שווערע זאַך פֿאַר דעם ייִדישן אַרבעטער אין פּאַלעסטינע צו קריגן אַרבעט אין אַ קאָלאָניע. ס'איז שוין אַ גליק, ווען איינער קריגט די געלעגנהייט זיך צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר מיזעראַבלע 20 פּיאַסטער, אָפֿט פֿאַר נאָך ווייניקער, כּדי צו קענען באַאַרבעטן מיט זײַן שווייס די טרוקענע פּאַלעסטינער ערד.

און דאָ קומט די שנאה פֿון די אַראַבער. דער אַראַבער

יים, אַז דער ייִדישער אַרבעטער קוקט בלויז אויס אַוועקצונעמען פֿון אים זײַן אַרבעט אין דער ייִדישער קאָלאָניע, און דער אַראַבער אינטערעסירט זיך אינגאַנצן נישט, וואָס דער ייִדישער אַרבעטער טוט עס פֿון מצוה ווענן, כּדי צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע מיט ייִדישע אַרבעטער און אויפֿצובויען אַ נאַציאָנאַלע היים פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק. דער אַראַבער ווייס בלויז איין זאַך, אַז ווען אַ ייִדישער אַרבעטער פֿאַרנעמט זײַן פּלאַץ אין אַ ייִדישער קאָלאָניע, בלייבט ער אָן אַרבעט. און אויב ער האָט די פֿעיִקייט צו טראַכטן קוקט ער אויף דעם ענין גאַנץ אַנדערש ווי דער ייִדישער אַרבעטער. דער אַראַבער באַטראַכט פּאַלעסטינע פֿאַר זײַן לאַנד. נישט נאָר ער איז דאָרטן געבוירן געוואָרן, נאָר זײַנע עלטער־עלטער זיידעס. די ייִדן זענען פֿרעמדע אַרײַנדרינגער. זיי זענען געקומען פֿון ערגעץ פֿרעמדע לענדער אין זײַן לאַנד. נאָר עס האָט אים ווייניק געקימערט, וואָס פֿרעמדע האָבן זיך באַזעצט אין זײַן לאַנד ער האָט ווענן דעם גאַנצן ענין פֿון פֿרעמדע און אייגענע נישט געטראַכט, ווי לאַנג עס האָט אים נישט אָנגערירט פּערזענלעך. די ערשטע ייִדישע קאָלאָניסטן האָבן פֿון אים קיין זאַך נישט אַוועקגענומען. אין קעגנטייל, זיי האָבן אים געגעבן אַרבעט. און ווען עס האָט אַמאָל געטראָפֿן, אַז ייִדישע קאָלאָניסטן האָבן אָפּגעקויפֿט פֿון אַן אַראַבישן פּריץ (עפֿענדי) אַ שטיק ערד, אויף וועלכע די אַרומיקע אַראַבישע פֿעלאַכן (פּויערים) האָבן געהאַט וועלכע עס איז פּרעטענזיעס, האָבן זיי זיך מיט די קויפֿער געשלאָגן און מאַנכעסמאָל זיי אויך פֿאַרטריבן. קיין אָרגאַניזירטע פֿײַנטשאַפֿט, וועלכע זאָל זיך פֿאַרשפּרייטן איבערן גאַנצן לאַנד, האָט אָבער דערפֿון נישט געקאָנט אַרויסקומען. איצט אָבער איז די לאַגע גאַנץ אַנדערש.

די ניי־אָנגעקומענע ייִדן אין פּאַלעסטינע, די נייע פֿרעמדע ברענגען מיט זיך נישט קיין אַרבעט פֿאַר דעם אַראַבער. אין קעגנטייל, זיי נעמען פֿון אים אַוועק אַרבעט. האָט מען ווען עס איז געמאַכט אַ שטיקל שאָסיי אין פּאַלעסטינע, פֿלעגן עס מאַכן אַראַבער. איצט אָבער זענען געקומען די ייִדן און האָבן די אַרבעט אַוועקגענומען. אין די ייִדישע קאָלאָניעס פֿלעגן אַרבעטן אַראַ־

בער, קומען איצט די יידישע אַרבעטער און ווילן דאָס אויך אַהעקנעמען פון זיי. די אָרגאַניזירטע יידן-פיינטלעכע אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון די נאַציאָנאַליסטישע אַראַבער, ווינט דער באַלפור-דעקלאַראַציע, נוצט אויס אַלץ, וואָס קאָן אויפרייצן דעם אַראַבער קעגן די יידן און די קאָנקורענץ פאַר אַרבעט איז איינע פון די בעסטע מיטלען פאַר דעם צוועק. עס איז אַן אַגיטאַציע, וואָס האָט אונטער זיך אַן עקאָנאָמישן באָדן. עס ווירט אָן ביי דעם פשוטן אַראַבער אין אָנגעווייטאָגטן פונקט און ער ווערט אַ יידן-פיינט.

די אונטערשטע שורה איז, אַז דאָס ביסל מיזעראַבלע אַרבעט, וואָס אין פאַלעסטינע איז פאַראַן, איז פאַרבונדן מיט אַזויפיל שוועריקייטן און אומאַנגענעמלעכקייטן פאַר דעם יידישן אַרבעטער און אַלץ איז אַזוי צופעליק און אומזיכער, אַז דער יידישער אַרבעטער קאָן אפילו נישט טראַכטן וועגן אַ פאַמיליע-לעבן.

# צווישן די חלוצים אויפֿן שאָסיי

פֿון דגניה (דגאַניאַ) בין איך געגאַנגען אין כנרת (קינערעס), וו איך בין אָנגעקומען פֿאַרנאַכט. כנרת האָט פֿאַר מיר געהאַט אַ דאָפּלטן אינטערעס. ערשטנס, איז דאָרט פֿאַראַן אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע. צווייטנס, און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, געפֿינט זיך דאָרטן איינע פֿון די גרעסערע גרופּן חלוצים, וועלכע בויען די שאָסיען אין ארץ-ישראל.

אייגנטלעך האָב איך שוין אויף מיין רייזע פֿריער באַגעגנט גרופּעס חלוצים, וועלכע גראָבן און מאַכן וועגן. אַזאַ גרופּע האָב איך באַגעגנט נישט ווייט פֿון פּתח תקוה. די גרופּע אַרבעט ביי דער נייער אייזנבאַן-ליניע, וואָס איז דאַן געמאַכט געוואָרן פֿאַר פּתח תקוה. איך האָב מיט איינציקע פֿון די חלוצים דאָרטן גערעדט, אָבער דאָס איז אַלץ געווען פֿאַרבייגייענדיק. אַ מער גרינט-לעכע באַקאַנטשאַפֿט מיט דעם לעבן, שטרעבונגען און האָפֿנונגען פֿון די חלוצים האָב איך ערשט געמאַכט, ווען איך בין געקומען אין כנרת און שפּעטער אין טבריה (טווערייאַ).

די קליינע קאָלאָניע כנרת, ביי וועלכער עס געפֿינט זיך דער לאַגער פֿון די חלוצים, וועלכע בויען דעם שאָסיי צווישן כנרת און טבריה, איז לאַנדשאַפֿטלעך איינע פֿון די שענסטע קאָלאָניעס אין ארץ-ישראל. זי שטייט אויף אַ קליינעם באַרג ביי דעם ברעג פֿון דעם ים כנרת, וועלכער איז אין יענעם פּלאַץ אַרומגעצוימט מיט אַ וואַנד שאָטנדיקע בוימער. נאָר זאָל דאָס וואָרט „ים" קיינעם נישט אַריינברענגען אין אַ טעות, אַז דער כנרת איז טאַקע אַן אמתער ים. דער כנרת איז נישט מער ווי אַן אָזערע פֿון עטלעכע מייל לאַנג און אין מאַנכע שטעלן אַ פּאָר מייל די ברייט. זי הויבט זיך אָן ביי צמח און ענדיקט זיך אַרום טבריה. ווייער אַ שיינע אָזערע מיט בלוי-גרינלעכע וואַסער ענלעך צו דער פֿירוואַלדזשע אָזער

טוגער זעע אין דער שווייץ. צייטנווייז ווערט זי זייער שטורמיק און דער ערפאַרנסטער און געשיקטסטער רודערער וועט נישט וואַגן צו פאַרלאָזן מיט זיין שיפל דעם ברעג.

אויפן באַרג, האַרט ביי דער כנרת-קאָלאָניע, האָבן די חלוצים, די שאָסיי-אַרבעטער, אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטן און האָבן דעם פּלאַץ געגעבן דאָס אויסזען פון אַ מיליטערישן לאַגער.

אין דער קאָלאָניע גופא האָב איך זיך ווייניק אויפגעהאַלטן. איך האָב אין איר נישט געפונען עטוואָס, וואָס זאָל מיך אינטערעסירן. עס איז אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע אויף דעמזעלבן שניט ווי דגניה א׳. איך האָב מיך דעריבער איבערגעקליבן אין דעם לאַגער פון די שאָסיי-אַרבעטער, וווּ איך האָב געפונען אַ סך מער אינטערעס.

עס האָט מיר גענומען אַ פּאָר שטונדן צייט, איידער איך בין מיט דעם עולם נעענטער באַקאַנט געוואָרן און געקענט אָנהויבן אַ מער אָדער ווייניקער אינטימען שמועס וועגן דעם איצטיקן צושטאַנד פון די חלוצים אין ארץ-ישראל, וועגן זייער באַציונג צו דער שווערער אַרבעט, וואָס זיי דאַרפן פאַרריכטן, וועגן זייער שווערן לעבן, וואָס זיי פירן און וועגן די האָפענונגען, וועלכע זיי האָבן אויף דער צוקונפט. מיר איז דאָס אָנגעקומען נישט אַזוי לייכט צוליב אייניקע טעמים. ערשטנס, די צוריקגעהאַלטנקייט פון חלוצים אויפצוזעקן פאַר אַ פרעמדן מענטשן און דערצו נאָך פון אַ קעגנערישן לאַגער אַזעלכע זאַכן, וועלכע מען דערציילט בלויז נאָענטע און אייגענע מענטשן. צווייטנס איז די שפּראַך אַ גרויסע שטערונג. די חלוצים ווילן דוקא רעדן העברעיש. דאָס איז אַ מין דעמאָנסטראַציע ביי זיי. נאָר וואָלטן זיי כאָטש קענען רעדן העברעיש ווי נויטיק איז, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. די מייסטע פון זיי אָבער קענען נישט. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אַ פּאָר הונדערט ווערטער, די נויטיקסטע אומגאַנגס-ווערטער פון טאָג-טעגלעכן לעבן, און דאָס איז זייער גאַנצער העברעיש פאַרמעגן. פירן אַ ברייטן שמועס אין העברעיש קענען זיי נישט. זייענדיק אַ גאַסט האָב איך אין ערגעץ נישט געוואָלט אויפהויבן די פראַגע וועגן העברעיש און יידיש. אויב דער עולם וויל דוקא רעדן

העברעיש, טאָ זאָל זיין העברעיש. וואָלט איך געקענט אראַביש און דער עולם וואָלט געוואָלט איך זאָל רעדן אַראַביש, וואָלט איך אויך נישט געשטריטן. איך האָב אָבער אימער געפילט, אַז דאָס העברעיש רעדן שטערט מיר צו ווערן נענטער און אינטימער מיט די מענטשן, מיט וועלכע איך בין באַקאַנט געוואָרן. פיל מער. עס שאַפט אַ פרעמדקייט, אַ דערווייטערונג. דאָס העברעיש רעדן פלעגט אין מיר אַרויסרופן אַ געפיל ווי גייען אויף שטאָל־צעס. אַ מענטש האָט אַ פּאָר געזונטע פיס, מיט וועלכע ער קאָן גייען אַזוי גוט און אַזוי זיכער אויף דער ערד און דאָ נעמט ער און פאַרבייט זיינע געזונטע, זיכערע פיס אויף אַ פּאָר שטאָלצעס, וועלכע וואַקלען זיך, פּלאָנטערן זיך און ער קאָן איין זיכערן טריט נישט מאַכן. קומען זיך צוזאַמען יידן, ביי וועמען די יידישע שפּראַך איז די נאַטירלעכסטע, די גאַנצסטע און די אינטימסטע, און הייבן אָן רעדן העברעיש, וועלכע פּלאָנטערט זיך אונטער דער צונג און מיט וועלכער איר זענט אויף אַ מינוט נישט זיכער, אַז איר וועט זיך נישט אָפּהאַקן אין מיטן געשפּרעך, ווייל עס וועט אייך אויספעלן אַ וואָרט אָדער טאַקע אַ גאַנצע פראַזע, דריטנס, ווען איר קומט צווישן די יידישע אַרבעטער אויף די שאָסייען מיט אייער שטעקל און פּעקל און האָט אַ פּנים פון אַ מענטשן, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געאַרבעט ביים גראָבן וועגן, האַקן שטיינער און מאַכן שאָסייען, זענט איר אין אַלגעמיין אַ פרעמדער.

דאָס לעבן פון די חלוצים, די שאָסיי־אַרבעטער, איז העכסט פרימיטיוו. מען אַרבעט שווער ווי אַמאָל אין דער רוסישער קאַ־טאָרגע. געוויינלעך שטייט מען אויף צו דער אַרבעט פיר אַ זייגער אין דער פרי, כדי אויסצומיידן די ברענענדע זונען־שטראַלן. ביי־טאָג פון צען אָדער עלף אַ זייגער ביז אַרום פיר איז אינגאַנצן אוממעגלעך צו אַרבעטן. עס איז נישט פאַר אַ מענטשלעכן כח, ווי שטאַרק ער זאָל נישט זיין, צו שטייען און צו אַרבעטן אין דעם גיהנום־היץ פון עמק הירדן אונטער דער גליענדער זון. נאָר אפילו אין דער פרי, ווען די זון האָט זיך נאָר אַ ביסל אַ רוק געטון העכער אויפן הימל, איז די היץ אַן אומדערטרעגלעכע, מען

שמיִם און מ'ען אַרבעט אָן אַ העמד און דער קערפּער איז שוואַרץ פֿאַרברענט און ער גלאַנצט פֿון ווייטן. און דאָס איז נאָך גוט ווען איינער האָט אַ טונקעלע לייב, די וואָס האָבן ווייסע לייבער ווערן באַדעקט מיט בראַנד־וווּנדן פֿון דער ברענענדער זון. אַ פֿאָרשטעלונג פֿון דער קאַטאָרזשנער אַרבעט, וועלכע די חלוצים דאַרפֿן דורכפֿירן ביים גראָבן און מאַכן די שאָסייען, קאָנט איר האָבן דערפֿון, וואָס דאָס צוקלאַפּן די גרויסע שטיקער שטיינער אויף קליינע שטיקלעך, מאַכן חצץ (כאַצאַץ), ווי מען רופֿט עס אויף דעם העברעיִשן לשון פֿון די חלוצים, רעכנט זיך פֿאַר אַן אָפּרו. מאַכן חצץ, האָבן מיר די חלוצים געזאָגט, איז דאָך אַ פֿאַרגעניגן. מען זיצט אויף אַן אָרט מיט אַ האַמער אין האַנט און מ'ען קלאַפּט. דאָס איז אויך אַן אַרבעט? אָט ווען מען דאַרף מיט אַ בראָך־אייזן אויפֿגראָבן די פֿאַרטריקנטע ערד און אַרויסהויבן פֿון איר די שטיינער, צו וואָס איר דאַרפֿט אָנווענדן אייער גאַנצן כח און איער קערפּער ווערט צושמאָלצן פֿון היץ, אָט דאָס איז אַן אַרבעט!

און פּונקט אַזוי ווי די אַרבעט איז אַ קאָטאָרזשנע אַזוי איז אויך דאָס לעבן פּרימיטיוו און אָרעם ווי אין קאַטאָרגע... מען טראָגט אויפֿן קערפּער בלויז דאָס איינפֿאַכסטע און דאָס נויטיקסטע און מען עסט בלויז דאָס נויטיקסטע און דאָס איינפֿאַכסטע. און ווען איר קומט צווישן די האָרעפּאַשניקעס אָנגעטון ווי אַ גרויס שטאָטישער לײַדיקגייער, קוקט איר פּשוט אויס ווי אַ לץ, ווי אַ שטיק חוזק.

דאָס שווערע און פּרימיטיווע לעבן פֿון די חלוצים, וועלכע בויען די שאָסייען, האָט ביי זיי אַנטוויקלט אַ באַזונדערע אַרבעטער־עטיק און אַ באַזונדערע אַרבעטער־מאָראַל. עס איז די עטיק און די מאָראַל, וואָס דערמאָנט אונז די מאָליקע באַוועגונג פֿון דער רוסישער אינטעליגענץ אין די אָנפֿאַנגס־יאָרן פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט מיט דעם וואָרט „אָפּראָסטיטוטסיאַ“, זיך מאַכן פּראָסט. אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די אויסערלעכע ציוויליזאַציע, זיך אָנטון וואָס איינפֿאַכער און פּראָסטער, ווי דער פּויער אין דאָרף און לעבן אַזוי איינפֿאַך און פּראָסט ווי ער.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער גאַנצער גרויסער טייל פון די ארץ־ישראלדיקע יידישע אַרבעטער, באַזונדערס די חלוצים, זענען אַזוי נאַציאָנאַליסטיש און שאָוויניסטיש, און אפשר נאָך מער שאָוויניסטיש, ווי די דאָרטיקע יידישע בורזשואַזיע, קאָן מען דאָך אין ערגעץ נישט זען אַזאַ טיפן תהום צווישן די אַרבעטער און דער בורזשואַזיע, ווי אין ארץ־ישראל. דאָס זענען פולשטענדיקע צוויי באַזונדערע וועלטן, וועלכע פאַראַכטן איינע די אַנדערע און האָבן פיינט איינע די אַנדערע.

מען רעדט אָפט וועגן אַן ארבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל. אין דער ווירקלעכקייט איז פאר ארץ־ישראל דער אויסדרוק „אַרבעטער־באַוועגונג" נישט קיין ריכטיקער. אָנשטאָט „אַרבעטער־באַוועגונג" דאַרף מען געברויכן אַ ר ב ע ט ס ־ ב אַ ו ע ג ו נ ג. עס איז פיל וויניקער אַ באַוועגונג פון אַרבעטער־קלאַסן־קאַמף, ווי אַ באַוועגונג צו פאַרהייליקן די אַרבעט. דורך אַרבעט וועט מען אויפבויען דאָס יידישע לאַנד און ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק. דעריבער איז די ארבעט הייליק.

אין ארץ־ישראל איז נישטאָ קיין אַרבעטער־באַוועגונג, ווייל עס איז נישטאָ אין וואָס די ארבעטער־באַוועגונג זאָל זיך אויסדריקן. אַ גרויסער טייל פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל מעגן זיין קלאַסן־באַוווסטע, אויב איר ווילט עס, אָבער זיי האָבן נישט ווו אָנצופירן אַ קלאַסן־קאַמף. די חלוצים, וועלכע אַרבעטן אויף די שאָסייען, האָבן נישט צו טון מיט קיין יידישע באַלעבאַטים און אויך נישט מיט קיין גוישע באַלעבאַטים צו פירן מיט זיי אַ קאַמף. די שאָסייען זענען געגומען געוואָרן אין אַ קאָנטראַקט פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע דורך די „אַהדות העבודה" און „הפועל הצעיר" אָדער לעצטנס דורך דער „הסתדרות הכללית" און איבערגעגעבן געוואָרן צו די קאָאָפּעראַטיווע גרופּעס פון די חלוצים. געווים זענען דאָ פאַראַן קלאַסן־אינטערעסן און עקספּלואַטאַציע. געווים ווערן די חלוצים עקספּלואַטירט פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, אָבער קיין קלאַסן־קאַמף איז נישטאָ. ווייל די חלוצים פירן נישט אָן קיין קאַמף קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרס און ווילן אויך נישט אַזאַ קאַמף אָנפירן. און די יעניקע

ייִדישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, וועלכע זוכן צו אַרבעטן אין די קאָלאָניעס, פירן געוויס קיין קלאַסן־קאַמף נישט אָן. אויב זיי האָבן אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, וווּ צו אַרבעטן איז דאָך קיין קלאַסן־קאַמף מער איבערגעלאָזן נישטאָ. און אויב זיי האָבן עס נישט, דריקט זיך אויס זייער קאַמף אין דעם, וואָס זיי זוכן צו צווינגען די ייִדישע קאָלאָניסטן, אַז זיי זאָלן אָפּזאָגן די אַראַבישע אַרבעטער און אָנשטעלן, זיי, די ייִדישע אַרבעטער, אויף זייער פּלאַץ. דאַכט זיך, אַז דאָס איז אויך נישט קיין קלאַסן־קאַמף. עס איז דעריבער אין ארץ ישראל, ווי איך האָב שוין באַמערקט, נישטאָ קיין אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר אַן אַרבעטס־באַוועגונג.

נאָר איך האָב זיך דאָ אַ ביסל אַראָפּגענומען אין דער זייטיקער וועלנדיק אָנגעבן די אורזאַכן, וואָרום מיר איז נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען אַרײַנצוטרעטן אין אַן אינטימען געשפּרעך מיט די ערשטע חלוצים, וואָס איך האָב זיך געטראָפן. בײַסלעכווײַז איז אָבער דאָס אײַז צושמאָלצן געוואָרן און איך האָב מיט אײניקע פון דער גרופּע זיך גאַנץ נאָענט דורכגערעדט וועגן דעם, וואָס מיך האָט אינטערעסירט צו וויסן.

ווען מיר זײַנען נעענטער באַקאַנט געוואָרן, זענען צו מיר געקומען עטלעכע פון די חלוצים און האָבן מיך געבעטן, אַז איך זאָל האַלטן אַ פאָרטראַג — אויף וועלכער שפּראַך? — האָב איך געפרעגט. — פאַרשטייט זיך, אַז אויף העברעיִש, האָבן זיי מיר געענטפערט. בײַ מיר פאַרשטייט עס זיך גאָרנישט, האָב איך געזאָגט, בײַ מיר פאַרשטייט זיך עס אַ סך ניכער, אַז עס זאָל זײַן אויף ייִדיש. האָבן זיי צו מיר אַ טענה: איר רעדט דאָך אַזוי גוט העברעיִש, טאָ וואָס אַרט אײַך, אַז איר וועט האַלטן דעם פאָרטראַג אויף העברעיִש? ענטפער איך מיט אַן אַנדער טענה: איר פאַרשטייט דאָך ייִדיש אַ סך בעסער ווי העברעיִש און איך אַליין רעד ייִדיש אַ סך בעסער ווי העברעיִש, טאָ וואָס אַרט אײַך, אַז דער פאָרטראַג וועט זײַן אויף ייִדיש? זענען זיי נישט מרוצה און מיר בלײַבן גוטע פרײַנט, נישט האַלטנדיק קיין פאָרטראַג. איך די ־ייר באַמערקט אײנער פון די חלוצים, אַז ברוך מאיר זוכט מיר ־אָ אַרום און ער וויל מיר זען. ווער איז ברוך מאיר? ער זאָגט

אַז ער קען מיך. ער איז אַן אַלטער בונדיסט פֿון פּוילן און ער איז שוין אין ארץ ישראל פֿון פֿיל יאָרן, ער איז שוין אַהין געקו־מען נאָך פֿאַר דער מלחמה. און איצט אַרבעט ער דאָ אויפֿן כּביש (קוויש), דאָס מיינט שאָסיי אויף דער ארץ־ישראל שפּראַך. בין איך זייער צופֿרידן צו טרעפֿן זיך מיט אַ בונדיסט, וויינקסטנס וועל איך דאָך מיט אים קענען רעדן יידיש און נישט דאַרפֿן זיך ברעכן אויף העברעיש. און תּוך כּדי דבור קומט טאַקע אָן ברוך מאיר און שטעקט מיר אָפּ אַ ברייטן שלום־עליכם און מיר רעדן שוין ווי אַלטע באַקאַנטע. און ברוך מאיר האָט שוין פֿאַר מיר אַ פּלאַן. ערשטנס, בלייב איך דאָ נעכטיקן, און טאַקע בײַ אים אין געצעלט. צווייטנס, שטייען מיר אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי, באָדן זיך אָפּ אין כּנרת און מיר לאָזן זיך גייען אין טבריה (טווערײַא). אויב מיר קריגן אַ שיפֿל צו פֿאָרן אין טבריה איז דאָך געוויס גוט. אויב נישט וועלן מיר גיין צופֿוס. עס איז אינגאַנצן אַ פּאָר שעה גאַנג. געפֿעלט מיר דער פּלאַן, און בשכר זה באָרג איך מײַנע אויערן אויף אַ פּאָר שעה צייט צו ברוך מאירן, וועלכער האָט מיר אַ סך צו דערציילן וועגן זיך, וועגן ארץ־ישראל, וועגן דער אַרבעט, וועגן דעם לעבן פֿון די אַרבעטער און וועגן אַ סך זאַכן. און ברוך מאיר איז אַן אינטעליגענטער מענטש מיט פֿאַרשידענע אידעען און אַ נאַכט נישט שלאָפֿן איז בײַ אים גאָרנישט. איך בין אָבער שטאַרק מיד און עס קלעפּן זיך מיר די אויגן. מאַך איך אַ פֿאָר־שלאַג, אַז מיר זאָלן מאָרגן, ווען מיר וועלן גיין אין טבריה, דער־ענדיקן וואָס מיר האָבן הײַנט אָנגעהויבן. שטימט ער אײַן און מיר לייגן זיך שלאָפֿן.

שלאָפֿנדיק האָט זיך מיר געחלומט, אַז אַ מחנה מאָסקיטאָס (קאָמאַרעס) זענען מיך באַפֿאַלן און עסן מיך אויף אַ לעבעדיקן. נאָר ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָב איך געזען, אַז עס איז נישט קיין חלום, נאָר אַווירקלעכקייט. די ארץ־ישראלדיקע מאָס־קיטאָס האָבן אין אַלגעמיין אַ שם אין דער וועלט, אָבער אַלע מאָסקיטאָס אין ארץ־ישראל מעגן קומען זיך לערנען בײַסן בײַ די מאָסקיטאָס פֿון כּנרת. זיי זענען פֿולשטענדיקע קינסטלער אין זייער פֿאַך. דאָס זענען זיי עס די מאָסקיטאָס פֿון כּנרת, וועל־

ע האָבן מיר מיטגעגעבן אַ סאַוועניר אַ מתנה, עכטע ארץ-ישראל-
יקע מאַלאַריע, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך פון מיין
ארץ-ישראל רייזע צום אָנדענקען. זיי האָבן מיך אזוי באַפאַלן, ווי
זי וואָלטן זייער גאַנצן לעבן געוואַרט אויף מיין קומען.

---

# פֿון כּנרת בּיז טבריה

עֶס איז געווען נאָך גאַנץ פֿרי, אָבער די זון האָט שוין אַ היבש שטיקל זיך אַ רוק געטון אויפֿן הימל און האט אָנגעזאָגט אַ הייסן טאָג. די זונען־שטראַלן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין מײַן געצעלט, האָבן מיך גאַנץ פרי אויפגעוועקט און האָבן מיך נישט דערלאָזן צוריק איינשלאָפֿן. ברוך מאירן האָבן זיי נישט געשטערט. ער איז שוין צו זיי צוגעוווינט און ער איז געשלאָפֿן ווי אַ געהרגעטער.

אַרום איז געווען שטיל. די חלוצים זענען שוין לאַנג אויפגעשטאַנען און זענען אוועק אונטן אין טאָל אַרבעטן אויפֿן כביש (שאָסיי). די חלוצים שטייען געוויינלעך אויף מיט דער זון צוגלײַך און אַמאָל נאָך עטוואָס פֿריער, כּדי צו קאָנען אַריינכאַפּן עטלעכע שעה ארבעט, איידער די זון צופלאַקערט זיך מיט איר גאַנצן פּײַער, און יעדע ארבעט אונטער דעם פרייען הימל ווערט דאן אוממעגלעך. איך בין געלעגן אויף מײַן בעטל און האָב נישט געוואלט שטערן ברוך מאירן פֿון זײַן טיפֿן, געזונטן שלאָף. ער האָט עס היינט צוליב מיר אַ יום־טוב געמאַכט. ער גייט היינט נישט אַרבעטן, ער וויל פאַרברענגען מיט מיר. נאָר ליגנדיק אין דער שטילקייט פֿון פריען מאָרגן, אַ צוביסענער פֿון קאָמארעס, האָב איך זיך פֿאַרטראַכט וועגן מײַן גאנצער ארץ־ישראלדיקער רייזע און פּראָבירט אונטערפירן אַ סך־הכּל פֿון דעם, וואָס איך האב געזען און געהערט. אַ טרויעריקער סך־הכּל. און דאָך זענען מענטשן גרייט זיך מקריב צו זײַן און זענען זיך אויך מקריב פּאַר ארץ־ישראל. אָט זע איך די געצעלטן ארום זיך, וועלכע באהאלטן אונטער זייערע לײַוונטן אַזויפיל מענטשלעכע לײַדן און פּײַן. אָט הער איך ווי עס דערטראָגט זיך פֿון טאָל דאָס קלאַפּן פֿון האמערס. דאָס האָבן די חלוצים אָנגעהויבן זייער קאַטאָרזשנעם טאָג־אַרבעט. ווי־

פיל יונגע לעבנס ווערן אונטער די שווערע האמער-קלעפּ צוקלאפּט!
א ווונדערבארע באשעפעניש דער מענטש.

עס האט אנגעהויבן ווערן הייס. די זון האט זיך שנעל גע־רוקט העכער אויפן הימל. און אירע שטראלן זענען געווארן גע־דיכטער און הייסער. איך בין ארויס פון געצעלט און אנגערויבן זיך אראפּלאזן פון בארג צום גרין-בלויליכן וואסער פון כנרת זיך אפּצובאדן. די געצעלטן ארום זענען געווען ליידיק. בלויז אין איינעם אדער צוויי האב איך באמערקט נישט קיין אפּ־געליידיקטע בעטלעך. משמעות אין זיי זענען געלעגן חלוצים, וועל־כע האבן נעכטן נאכמיטאג שטארק געפיבערט פון דער מאלאריע און זיי האבן קיין כח נישט אויפצושטיין היינט צו דער ארבעט.

הארט ביים ברעג פון כנרת, גראד קעגנאיבער דעם בארג, ווו די געצעלטן פון די חלוצים זענען אויפגעשלאגן, געפינט זיך א קליין הייזל. דארטן וווינט א יונג פארהייראט פּארל, ביי וועמען עס איז דא א קליין קינד, וואס יעדער חלוץ איז זיין ניאנקע. אין דעם דאזיקן קליין הייזל איז פאראן א קאמוניסטישער שפּייז־צי־מער, ווו עס קומען עסן די מיטגלידער פון דער גרופּע חלוצים, וועלכע פירן א פולשטענדיקן קאמוניסטישן לעבן. די גרופּע דאכט זיך, באשטייט פון א מאן עלף אדער צוועלף. ווען איך בין נאכן באדן זיך אריינגעקומען אין שטיבל, האב איך דארטן שוין געפֿו־נען עטלעכע חלוצים, וועלכע זענען געקומען פון דער ארבעט עסן פרישטיק. זיי זענען אוועק צו דער ארבעט גאנץ פרי, ארום פיר א זייגער און איצט איז שוין געווען ארום זיבן. דער פרישטיק איז געווען אן ארעמער און א מאגערער. בלויז צוויי האבן גע־קראגן אייער און, דאכט זיך, אן עקסטרא פּארציע מילך. דאס זענען געווען א פּאר אפּגעמאגערטע און אפּגעשוואכטע יונגע לייט, וועמען דער מאלאריע־פיבער האט שטארק אנגעגריפן און אויס־געמאטערט. זיי האבן זיך גענויטיקט אין א שטארקערע דיעטע.

דאס פרישטיק עסן האט נישט לאנג געדויערט. מען דארף גיין צוריק צו דער ארבעט וואס גיכער. רוען וועט מען, ווען די הייסע זון וועט מער נישט לאזן ארבעטן. איך אליין איל זיך אויך א ביסל. איך האב באשלאסן צו גיין פון כנרת אין טבריה צופוס

און איך וואָלט וועלן אַרײַנכאַפּן די רײַזע א ביסל פריִער, איידער עס איז געוואָרן צו הײס. איך האָב בלויז געוואַרט ביז ברוך מאיר וועט פאַרטיק ווערן מיט זײַן „טואַלעטע". ער האָט נעמלעך לכבוד יום-טוב געוואָלט זיך אָפּראַזירן. נאָר אָט איז שוין ברוך מאיר א רײן-אָפּגעראַזירטער און ער זעט אויס גאַנץ יום-טובדיק. מיר גײען אַלזאָ.

דער וועג, וואָס פירט פון כנרת קײַן טבריה, גײט לענגאָס פון דער אָזערע כנרת. אויף דעם דאָזיקן וועג אַרבעטן עס די חלוצים אים צו פאַרוואַנדלען אין א שאָסיי. גײענדיק האָבן מיר באַגעגנט פיל פון זיי בײַ דער אַרבעט. זייערע טונקל-ברוינע נאַקעטע אייבער-קערפּערס, נאַס פון שווייס, האָבן געגלאַנצט פון דער זון און האָבן אויסגעזען ווי פּאָלירט. — עס איז א שווערע אַרבעט — באַמערקט מיר ברוך מאיר — אָבער מען האָט זיך צוגעוווינט, און פאַרדינען פאַרדינט מען גראָד נישט שלעכט, דערציילט ער מיר ווײַטער. מען אַרבעט אויס פון 50 ביז 60 פּיאַסטער (אַן ערך פון צוויי ביז צוויי און א האַלב דאָלאַר) א טאָג. כמעט א העלפט דער-פון שפּאָרט מען אָפּ און א סך חלוצים האָבן אָנגעקליבן שײנע עטלעכע פונט. און עס איז אויך פאַראַן אַן אינטערעס אין דער אַרבעט. מען פילט, אַז מען בויט עפּעס, אַז מען טוט עפּעס אויף. ווען מען האָט אָנגעהויבן די אַרבעט, איז די שטימונג געווען גאָר א געהויבענע. מען האָט געאַרבעט מיט באַגײַסטערונג. יעדער האָט געגלייבט, אַז מיט יעדן גראָב פון דער לאָפּאַטע, מיט יעדן שטיין פון ברוך-אײַזן העלפט ער בויען דאָס יידישע לאַנד און איז מקרב די גאולה. איצט, אָבער, נאָכן פּאָגראָם אין יאַפע, ווען די ענגלישע אדמיניסטראַציע האָט אָנגעהויבן פירן א גאַנץ נײַע פּאָליטיק, איז די שטימונג צווישן א גרויסן טייל פון די חלוצים זייער א נידעריקע. א סך זענען אינגאַנצן אַנטוישט געוואָרן, האָבן פאַרלוירן זייער גלויבן און וואָלטן געווען שטאַרק צופרידן, ווען זיי וואָלטן געקאָנט אַוועקפאָרן.

און וואָס איז מיט אײַך? — גיב איך ברוך מאירן א פרעג.

— ווען איך וואָלט געקאָנט פאָרן אין אַמעריקע, וואָלט איך

געפאָרן, ענטפערט ער מיר, אָבער איך וואָלט דאָרטן געוועזן בלויז א קורצע צייט. איך וואָלט צוריק געפאָרן אין ארץ-ישראל. אָט בין איך, דערציילט ער מיר, מיט א קורצער צייט צוריק געפאָרן אהיים אין פוילן. האָב איך זיך דאָרטן געקאָנט איינ-אָרדנען, אָבער עס האָט געצויגן צוריק אין ארץ-ישראל. איך האָב פראָבירט, זייענדיק אין וואַרשע, איבעררעדן מיט די בונ-דיסטישע פירער, אַז זייער שטעלונג צו ארץ-ישראל איז א פאַלשע, נישט קיין גערעכטע, און איך האָב געטון אַלץ מעג-לעכעס זיי צו געבן פאַרשטיין די לאַגע, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. מיר פאַרדריסט זייער שטאַרק, וואָס דער „בונד" איז נאָך אַלץ אַזוי פיינטלעך צו ארץ-ישראל, האָט ברוך מאיר פאַר-ענדיקט מיט א זיפץ. איך האָב ליב ארץ-ישראל, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין נאָך אַלץ א בונדיסט, האָט ער פאַרט-געזעצט, און באַזונדערס האָב איך ליב אָט די אַרבעטער, וואָס לייגן דאָ אַוועק זייערע יונגע כחות אין דער האַרטער, פאַר-טריקנטער ערד. א גרויסער טייל פון זיי זענען אמתע אידעאַ-ליסטן, און דאָ האָט זיך אויסגעאַרבעט און אַנטוויקלט אַן אמתע אידעאַליסטישע אַרבעטער-מאָראַל און אַרבעטער-עטיק. אָט, זעט איר, ווענדט ער זיך צו מיר, אַרויסנעמענדיק פון קעשענע דריי אַלטע אַראַבישע גאָלדענע מטבעות. דאָס האָב איך אַן אָנדענ-קען פון מיין גרופּע, מיט וועלכער איך אַרבעט אויפן שאָסיי. איינער פון די חברים האָט גראָבנדיק געפונען א טעפּל מיט גאָלדענע מטבעות, האָט ער עס געבראַכט און צוטיילט צווישן אַלע חברים פון דער גרופּע. וואָלט עס ביי אייך אין אַמערי-קע אַזוינס געקאָנט פּאַסירן.

— איין גרויסע אָנשיקעניש האָבן מיר בלויז דאָ — רעדט ברוך מאיר ווייטער, און דאָס איז דאָס העברעיש. אויב עס וועט זיך נישט אָנהויבן א מאַסן-אימיגראַציע אין ארץ-ישראל, וועט דאָ באַשאַפן ווערן א העברעיִשער שבט, וואָס וועט זיין גאַנץ פרעמד צו די יידן אין די גלות-לענדער. ארץ-ישראל וועט דעמאָלט זיין נישט קיין יידיש לאַנד, נאָר אַן אַראַבישע מדינה, אין וועלכער עס וועט לעבן א העב-

רעיִשער שבט. וואָס האָט זיך גײַסטיק און קולטורעל אָפּגעריסן פֿון ייִדישן פֿאָלק.

— איז אָבער דען איצט פֿאַראַן אַ מעגלעכקייט פֿאַר אַ ייִדישער מאַסן־אימיגראַציע אין ארץ־ישראל? פֿרעג איך מײַן באַגלייטער. — דאָס איז דאָך די צרה, וואָס אַזאַ מעגלעכקייט איז איצט נישטאָ, ענטפֿערט ער מיר. באַלד וועט זיך ענדיקן די אַרבעט בײַ די שאָסייען און קיין אַנדערע אַרבעט זעט זיך נישט. עס וועט זײַן אַ גרויסע פֿראַגע, ווו די 25 אָדער 28 הונדערט חלוצים, וועלכע זענען באַשעפֿטיקט איצט בײַ די שאָ־סייען, וועלן נעמען אַרבעט. אָט זעט איר, ציינט ער מיר מיט די האַנט, באַלד וועלן מיר קומען צו אַ שטיק פֿאַרטיקן שאָסיי נישט ווײַט פֿון חמי טבריה (די הייסע קוואַלן פֿון טווערִיא). עס האָבן בײַ אים געאַרבעט שיינע עטלעכע צענדליק חלוצים, איצט אָבער זעט איר דאָ אויפֿן באַרג זענען פֿאַרבליבן עטלע־כע געצעלטן, אין וועלכע עס וווינען 7 אָדער 8 חלוצים, וואָס זענען געבליבן צו פֿאַרענדיקן די אַרבעט. די איבעריקע זענען אוועק אַרבעטן אויף די אַנדערע שאָסייען, און מיט זייער הילף וועט זיך דאָרטן די אַרבעט ענדיקן שנעלער, און עס וועלן באַלד זײַן הונדערטער, וואָס וועלן בלײַבן אָן אַרבעט.

— טויג עס דאָך נישט, — זאָג איך צו אים.

— אויב איר ווילט, טויג עס טאַקע נישט — ענטפֿערט ער מיר.

מיר זענען געגאַנגען אַ ווײַלע שטיל. די זון האָט שוין גאַנץ שטאַרק געברענט און בײַ מיר האָט מען געקאָנט פֿילן, אַז איך זאָל שוין אײַנגאַנצן אויפֿהערן גיין. איך בין געווען זייער אויסגעמאַטערט פֿון דער היץ און פֿון דעם אומערטרעגלעכן שטויב, וואָס דרינגט דורך אַלע אברים. און די היץ מיט דעם שטויב מאַכן אײַך אַזוי דאָרשטיק, דאָס איר זענט גרייט אַוועק־צוגעבן גאַנץ ארץ־ישראל פֿאַר איין ריינעם קאַלטן טרונק וואַ־סער. נאָר ווער קאָן דאָ אויפֿן וועג חלומען וועגן קאַלטע וואַ־סער? זאָל שוין זײַן וואַרעמע וואַסער, אַבי ריינע. אָבער דאָס איז אויך נישטאָ. איר קאָנט בלויז טרינקען דאָס אָנגעוואַרעמטע

וואַסער פֿון כּנרת און פֿאַרלאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט, אַז וואָס איר וועט דאָרטן נישט אַרײַנטרינקען וועט אײַך נישט שאַטן. איר קאָנט זיך נישט העלפֿן, איר מוזט טרינקען.

אין עמק הירדן און אין גליל התחתּון איז די וואַסער־פֿראַגע אײנע פֿון די שווערסטע, דאָס אײנציקע טרונק־וואַסער, וואָס מען קאָן דאָרטן איצט קריגן, איז דאָס וואַסער פֿון ירדן אָדער פֿון כּנרת, וואָס בײדע פֿון זײ זענען פֿול מיט שמוץ און מיט פֿאַרשידענע מיקראָבן. מײַן ערשטן טרונק ירדן־וואַסער האָב איך פֿאַרזוכט אין דער קאָלאָניע דגניה (דגאַניאַ), קומענדיק אַהין צופֿוס פֿון צמח (צעמאַך) אין מיטן ברען פֿון טאָג, בין איך געווען אַזוי דורשטיק, אַז איך וואָלט געטרונקען אַפֿילו פֿון אַ בלאָטיקע לוזשע. איך האָב דעריבער קײן שאלות נישט געמאַכט און געטרונקען, וואָס מען האָט מיר נאָר געגעבן. ווען איך האָב אָבער אַ ביסל אָפּגעלאָשן מײַן דאָרשט, האָט זיך צוריקגעקערט צו מיר מײַן ציוויליזאַציע און איך האָב אָנגעהויבן זיך דערקינדיקן, וואָס פֿאַר אַ מין וואַסער איך האָב דאָ אַרײַנגעטרונקען.

— עס איז ירדן־וואַסער, — האָבן מיר די חלוצים געענטפֿערט, אָבער עס איז געקאָכטע. און כּדי מיר צו פֿאַרזיכערן, אַז עס איז אַזוי האָבן זײ מיר צוגעפֿירט צו אַ פֿעסל וואַסער, וועלכע איז געשטאַנען אונטער אַ בוים אין האָבן מיר געוויזן, אַז דאָ האַלטן זײ דאָס געקאָכטע ירדן־וואַסער צום טרינקען. דאָס פֿעסל איז געווען אַ הילצערנע און אַן אָפּגעדעקטע, און ווען איך האָב געפֿרעגט, וויאַזוי העלפֿט אײַך דאָס קאָכן פֿון וואַסער, ווען דאָס פֿעסל שטײט אַן אָפּגעדעקטע, האָבן מיר די חלוצים געענטפֿערט, אַז עס איז דאָך בעסער, ווי גאָרנישט.

איך האָב געמוזט מסכּים זײַן, אַז זײ זענען גערעכט, וואָרום קומענדיק אין כּנרת, האָב איך שוין געמוזט טרינקען דאָס כּנרת־וואַסער, ווי גאָט האָט דאָס געגעבן, נישט געקאָכטע. דערפֿאַר איז אָבער דאָס וואַסער אין כּנרת געווען אַ ביסל קילער. אמת, טאַקע, ווען מען שעפּט אָן דאָס וואַסער פֿון דער אויבערע איז עס גאַנץ וואַרעם, אָבער מען קילט עס אָפּ איבער נאַכט

אין אַזעלכע ליימענע קרינן מיט שמאָלע העלזלאַך. די ליימענע קרינג זענען נישט קיין געגלייזטע און זיי ווערן באַשלאָגן, ווי מיט שווייס ווען זיי זענען אָנגעפילט מיט וואַסער. דאָס „שוויצן" פון קריג ציט אָפּ אַ גרויסן טייל פון דער וואַרימקייט פון דעם וואַסער, וואָס געפינט זיך אין זיי, און דאָס וואַסער ווערט באַדייטנד קילער. די חלוצים האָבן מיך באַרויקט. קיין מאַלאַריע, האָבן זיי מיר פאַרזיכערט, באַקומט מען נישט פון טרינקען דאָס שלעכטע וואַסער, מען קען בלויז באַקומען טיפוס, דיזענטעריע אָדער אַן אַנדערע קראַנקהייט, אָבער נישט קיין מאַלאַריאַ. וואָרום מאַלאַריאַ באַקומט מען בלויז פון מאָסקיטאָס (קאָמאַרעס).

איך האָב זיך מיט דער דאָזיקער טרייסט נישט איבעריק דערפרייט, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיר סיי ווי סיי נישט געקענט העלפן, האָב איך באַשלאָסן בעסער צו טראַכטן פון דעם ארץ־ישראלדיקן שיינעם בלויען הימל.

האָט איר ווען עס איז און ווו עס איז געזען אַזאַ קלאָרע, ריינע און דורכזיכטיקע לופט. — וווּנדערט זיך צו מיר פלוצים ברוך מאיר. איר זעט אויף יענער זייט כנרת דעם הויכן באַרג מיט דער ווייסער יאַרמאָלקע? דאס איז דער באַרג חרמון מיט דעם אייביקן שניי אויף זיין שפיץ. עס איז אַ רעכטער מהלך פון דאַנען ביז אים, אָבער מען זעט אים קלאָר, ווי ער וואָלט שטיין גאַנץ נאָענט. איך האָב ווירקליך דערזען דעם באַרג חרמון, אַ שטאָלצער באַרג מיט אַ ווייסן קאָפּ, וועלכער קאָן דערדערציילן די געשיכטע פון ארץ־ישראל פון טויזנטער יאָרן, ווען ער וואָלט נאָר רעדן געקאָנט. די אַראַבער רופן אים דזשעבעל אַלטעך באַרג. ער איז אַרום צען טויזנט און פינף הונדערט פוס הויך איבער דעם וואַסער־שפיגל פון מיטלענדישן ים (ים התיכון). פון דעם פוס פון דעם חרמון אין דרום־זייט גיסט זיך אַרויס אַ וואַסער־שטראָם. וועלכער טרעפט זיך צונויף ביי דער שטאָט דן (דאָן) מיט אַ צווייטן שטראָם, וואָס גיסט זיך אַרויס אין מזרח זייט פון אַ פעלזן־טייל ביי דעם דאָרף באַניאַס און אָט פון די פאַראייניקטע וואַסער־שטראָמען בילדעט זיך דער טייך ירדן, וועלכער שניידט דורך די וואַסערן פון ים כנרת און

שלענגלענדיק זיך און דורכשניַידנדיק דעם לאַנגען טאָל, וואָס רופט זיך „עמק הירדן“, פאַלט ער אַריַין ניִשט וויַיט פון יריחו אין ים המלח.

דער באַרג חרמון געהערט ניִשט צו ארץ־ישראל, ער געהערט צו סיריע. אָבער וואָס גייט מיך אָן צו וועמען ער געהערט? איך געדענק אים נאָך פון חומש, פון שיר השירים און פון תהלים. מיַינער אַן אַלטער באַקאַנטער באַרג און איך וויל אים אָנקוקן. אין אַלגעמיַין שטעלט מיט זיך פאָר דער וואַסער־בעקן פון כנרת מיט זיַין אומגעבונג אַ וווּנדער שיינע לאַנדשאַפט.

ברוך מאיר איז זייער צופרידן געווען, וואָס איך האָב זיך אַזוי פאַראינטערעסירט מיט דער לאַנדשאַפט און האָב באַוווּנדערט איר שיינקייט. ער האָט זיך טאַקע באַנוצט מיט דער געלעגנהייט און אָנגעהויבן פון דאָס ניַי מיך צו אַגיטירן פאַר ארץ־ישראל. ער האָט מיר פּראָבירט איבערגעבן בקיצור זיַינע אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די חלוצים אין כנרת, אין וועלכער ער האָט געוואָלט פאַרניכטן די אידעען פון בונד און פון דער „אחדות העבודה“. איך האָב אים גאַנץ גוט אויסגעהערט און האָב אים נאָכדעם געפרעגט: נו, האָט איר עפּעס געהאַט דערפאָלג מיט איַיער נייַער קאָמבינאַציע פון בונדיזם און פּאַלעסטיניזם ביַי די חברים פון אחדות העבודה? — ניִשט קיין איבעריקס גרויסן דערפאָלג, האָט ער מיר געענטפערט.—פאַר זייט ניִשט אָראָפּגעפאַלן ביַי זיך, האָב איך אים געזאָגט, וואָרום ביַי די בונדיסטן וואָלט איר מיט איַיער קאָמבינאַציע געהאַט נאָך ווייניקער דערפאָלג.

— איך ווייס עס — האָט ער מיר געענטפערט, נאָר אָט זענען מיר שוין ביַי די חמי טבריה און דאָ דאַרף מען זיך אַ וויַילע אָפּרוען, אַ קוק טון אויף די ווונדערלעכע קוואַלן, פון וועלכע עס גיסט זיך הייס־קאָכעדיקע וואַסער און אפשר טאַקע אויך אויסבאָדן זיך אין זיי. אגב, דאַרף מען אַ קוק טון אויף דער שול פון ר' מאיר בעל הנס, וואָס געפינט זיך דאָרט.

און ווו די ייִדן זיצן און לערנען תּורה, פֿאַר וועלכע מײַן טאַ־
טע־מאַמע וואַרפֿן עס די סענטן און ניקלס אין דער מאיר בעל
הנס פּושקע, וואָס זײַ האַלטן אַזוי הייליק.

---

# אין דער הייליקער קברים שטאָט

די הייסע קוואַלן בײַ טבריה (חמי טבריה) זענען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע נאַטור-וווּנדער. הייס, כמעט קאָכעדיק וואַסער שפּראָצט פון דער ערד אָן אַן אויפהער פון טויזנטער יאָרן און מען ווייס נישט גענוי פון וואַנען עס קומט און פון וואַנען די אומאויסשעפּלעכע היץ נעמט זיך. די גמרא האָט געהאַט אַן איינפאַכע דערקלערונג וועגן דער דאָזיקער ווונדערלעכער נאַטור-דערשיינונג. די הייסע קוואַלן פון טבריה, זאָגט די גמרא, אין מסכת שבת, ווערן אָנגעוואַרעמט פון דער היץ פון גיהנום. נאָר אויב איר גלויבט נישט, אַז עס איז פאַראַן אַ גיהנום, מוזט איר זוכן אַן אַנדער דערקלערונג.

די יידישע שאָסיי-אַרבעטער זענען שטאַרק איינגענומען פאַר די הייסע קוואַלן פון טבריה. דאָס וואַסער, זאָגן זיי, איז אַן אויסגעצייכנטע סגולה קעגן ווונדן. די הייסע וואַנעס פון די טבריה-קוואַלן, באַהויפּטן זיי, היילט זייער שנעל די ווונדן, וואָס די שאָסיי-אַרבעטער קריגן זייער אָפט ביים האַקן די שטיינער. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז די הייסע וואַנעס זענען אויך אַ רפואה צו אַנדערע קראַנקהייטן, אָבער גענוי וועלכע קראַנקהייטן האָבן זיי מיר נישט געקענט אָנגעבן. די דאָקטוירים האָבן מיר אָבער געזאָגט, אַז די חמי טבריה זענען אַ גוטע רפואה קעגן רומאַטיזם.

דאָס וואַסער אַנטהאַלט אין זיך שוועבל, זאַלץ, אייזן און כלאָר-מאַגנעזיע. די טעמפּעראַטור איז 62 גראַד צעלזיוס (אומגעפער 112 גראַד פאַרנהייט).

בײַ די הייסע וואַסער-קוואַלן געפינט זיך די שול פון ר' מאיר בעל הנס, אַ שיינע אַלטערטימלעכע געביידע מיט אַ גרויסן רונדן קופּאָל. אין דער שול זיצן חלוקה-יידן און לערנען. פאַרשידענע יידן אַלטע און יונגע, יינגערע יידן מער ווי עלטערע.

פון חמי טבריה ביז טבריה פאָרט אַ דעליזשאַנס. אַ גרויסער אַראַבער מיט אַ רויטער פעסקע און אַ קליינער באָרוועסער אַראַבערל מיט אַ יאַרמאַלקע זענען די „מאַנשאַפט" פון דעם דיליזשאַנס. דער גרויסער אַראַבער נעמט דאָס קליין געלט פון די פּאַסאַזשירן און דער קליינער אַראַבערל טרייבט אָן די פערד.

דער וועג פון חמי טבריה ביז טבריה איז אינגאַנצן אַן ערך אַ פּאָר קילאָמעטער. אין דער צייט פון אַ פערטל שעה איז מען אין טבריה.

פון דערווייטן זעט טבריה אויס זייער שיין. באַזונדערס שיין זעט זי אויס אויף די אָנזיכטסקאַרטן, וועלכע ווערן פאַרקויפט טוריסטן אַלס „סוווענירס". איר זעט פּאַלמען־בוימער, בערג, טורעמס, אַ וואַסער מיט שיפלעך און אפילו גרינע גראָז. ווען מען קומט אָבער צו נאָענט, פאַרשווינדט די גאַנצע שיינקייט. פאַר אייערע אויגן ליגט אַ קליין שמוציק שטעטל, וואָס גיט אַרויס פון זיך אַ שטאַרקן ריח און דאָס איז אַלץ. דאָס האָט די לאַנדשאַפט אַרום טבריה, וועלכע איז ווירקלעך שיין, אַזוי אָפּגענאַרט אייער זויג פון דער ווייטן, צו מיינען, אַז טבריה איז אַן ארץ־ישראלדיגע שיינהייט.

טבריה איז איינע פון די פיר הייליקע יידישע שטעט אין ארץ־ישראל (די איבעריקע דריי זענען: ירושלים, חברון און צפת). אין טבריה געפינען זיך אַ גאַנצע ריי הייליקע יידישע קברים, ווי דער קבר פון של"ה הקדוש, פון רמב"ן א. אַז. וו. נאָר די הייליקע קברים און די הייליקע פּלעצער אין ארץ־ישראל האָבן מיר אַזוי דערעסן, אַז איך האָב מיין הלק, וואָס איך האָב אין זיי, מיט גרויס פאַרגעניגן אַוועקגעשאָנקען צו נחום סלושץ, וועלכער ניט איצט אָפּ זיין גאַנצע צייט און ענערגיע פאַר דער אויסגראָבונג און אויספאָרשונג פון פאַרשאָטענע יידישע הייליקייטן און אַלטערטימלעכקייטן אין ארץ־ישראל, און ער איז פאַר דעם צוועק ווי געבוירן.

די מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג אין טבריה איז אַ יידישע. אַזוי זאָגט די ארץ־ישראלדיקע סטאַטיסטיק. די סטאַטיסטיק זאָגט, אַז די באַפעלקערונג פון טבריה איז 8 טויזנט און

דערפֿון זענען 6 טויזנט יידן. נאָר מען דאַרף ניט אָנקומען צו סטאַטיסטיק צו וויסן, אַז די מאַיאָריטעט איז אַ יידישע. מען קען עס זען מיט די אויגן. גאַנץ טבריה שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ שטיקל אַלטע שטאָט פֿון ירושלים בלויז מיט מער שמוץ און מער גערדיכטעניש. די שיינע טיילן פֿון דער נייער ירושלים פֿעלן אויך אָבער כמעט אינגאַנצן. בלויז איין טייל פֿון טבריה, וווּ עס געפֿינט זיך דער דייטשער האָטעל „גראָסמאַן" זעט אויס גאַנץ שיין.

ביז דער מלחמה איז געווען טבריה אַ שטאַרקע אומדורכדרינגלעכע פֿעסטונג פֿון די חלוקה־יידן, די הייליקייט פֿון ירושלים האָט שוין לאַנג אָנגעהויבן פֿאַרשווינדן ווערן זינט דער ישוב (קאָלאָניזאַציע) פֿון די חובבי־ציון האָט זיך אָנגעהויבן. עס האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן ווייזן אין ירושלים יידן אין קורצע רעקלעך מיט געשוירענע בערד, אנדערע אינגאַנצן געגאָלט און דאָס איז געווען דער ערשטער גרויסער אָנשטורעם אויף דעם לאַנג־באַקאַפּטענטן, לאַנג באַפֿאַוסטן און באַבאָרדעוועטן חלוקה־יידנטום אין ירושלים. שפּעטער איז עס נאָך ערגער געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די פֿרומע גאַסן פֿון ירושלים בחורים מיט רוסישע העמדלעך, מיט לאַנגע האָר און נוישע היטלען, און די דאָזיקע בחורים האָבן זיך אויפֿגעפֿירט „קוממיותדיק", האָבן אָפֿט מחלל שבת געווען בפרהסיא, און צווישן די אָרטאָדאָקסן אין ירושלים האָט זיך אָנגעהויבן טון הושך, און וואָס ווייטער איז אַלץ ערגער געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין די גאַסן אַלץ מער יונגע לייט און יונגע מיידלעך, וואָס האָבן נישט מורא פֿאַר גאָט און היטן נישט אָפּ זמן תורה ביז... ביז די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן זיך גענומען צוגעוווינען צו זיי און האָבן אַ מאַך געטון מיט דער האַנד. טבריה איז אָבער לאַנג אויסגעהיט געוואָרן פֿון אָט די פֿאַרשידענע טרפֿהניאַקעס, מיט וועלכע ירושלים איז אַזוי שטאַרק געשטראָפֿט געוואָרן. טבריה איז אַ שטיקל מהלך פֿון דעם אַריינפֿאָר אין ארץ־ישראל. קיין אייזנבאַנען זענען נישט געווען און קיין געגרינדעטע יידישע קאָלאָניעס זענען אויך נישט געווען אין דער נאָענטער שכנות. די הייליקייט און די פֿרומקייט פֿון טבריה איז דעריבער אַ לאַנגע צייט געבליבן נישט באַרירט

און אין דער צייט, ווען אין און אַרום ירושלים האָט שוין געברענט דער גיהנום פֿון די ניי אָנגעקומענע אפּיקורסים, איז טבריה צ״ך געבליבן די שטאָט פֿון רייִנער, אומבאַפֿלעקטער עולם־הבא און וווּ יעדער ייִד האָט זיך געגרייט פֿאַרן גן־עדן. אין דער לעצטער צייט אָבער האָט זיך אויך דער גיהנום אַרייַנגעריסן אין טבריה, און ער האָט זיך אַרייַנגעריסן מיט שטורם. עס זענען אָנגעקומען די חלוצים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן בויען דעם שאָסיי ביי טבריה און האָבן אויפֿן באַרג האַרט ביי טבריה זייערע געצעלטן אויפֿגעשלאָגן. אַן אַרמיי פֿון מאָדנע יונגע ייִדישע בחורים, וואָס די טבריהער ייִדן האָבן פֿריִער קיינמאָל אַזעלכע אין זייער לעבן נישט געזען. אמתע שקצים, אפּיקורסים, מחללי שבתניקעס און טריפֿניאַקעס. און וואָסערע מיידלעך זענען עס געקומען מיט זיי! פֿאַרשייטע שיקסעס מיט געשוירענע האָר און קורצע קליידלעך, אַז עס נעמט אָן אַ שרעק צו קוקן. און עס האָט פּאַסירט דאָס ערשטע מאָל אין דעם ייִדישן לעבן פֿון דער הייליקער טבריה, אַז ייִדישע קינדער זענען יום־כּפּור אין שול נישט געגאַנגען און האָבן נישט געפֿאַסט. און אַלץ איז געטון געוואָרן בפּרהסיא, פֿאַר אַלעמען אין די אויגן. עס האָבן זיך אין דעם הייליקן טאָג אַראָפּגעלאָזן די חלוצים מיט די חלוצות פֿון באַרג אין שטאָט אַריין, זענען אַרומגעגאַנגען אין די גאַס, און האָבן אַפֿילו נישט געוואָלט צוגיין נאָענט פֿון אַ שול. און מען זאָגט, אַז יום־כּפּור ביינאַכט האָט מען אין די גאַסן פֿון שטאָט געזען חלוצים אַרומגיין מיט פּאַפּיראָסן אין מויל, האָבן געריבן שוועבעלעך און האָבן גערויכערט. און מען דערציילט ווייטער, אַז אין דערזעלביקער נאַכט האָבן חלוצים אָנגעקלאַפּט אין אַ ייִדישער טיר און האָבן געבעטן אַ טרונק וואַסער.

איך ווייס נישט, אויב די אַלע מעשיות זענען אמת, וואָס די פֿרומע ייִדן אין טבריה האָבן מיר דערציילט וועגן דער גאָטלאָזיקייט פֿון די חלוצים. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז די הייליקע טבריה איז פֿאַרשוועכט געוואָרן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין טבריה איז שוין געווען מיטאָגצייט. די היץ איז געווען אַ שרעקלעכע און די ריחות, וועלכע עס האָבן פֿון זיך אַרויסגעגעבן די שמאָלע, שמוציקע געסלעך, וועלכע

װענען אָנגעהיצט געװאָרן פֿון דער הייסער זון, האָבן מיך איינפּאַך פֿאַרטשאַדעט. אָבער אין טבריה איז פֿאַראַן אַן אייז-פֿאַבריקל און מען קאָן קריגן אייז-װאַסער, קאַלטע סאָדע-װאַסער און לימאָנאַד. אפילו „מאָראָזשענע" (אייז-קרים) קאָן מען דאָרטן קריגן. און איך האָב מיך צוגעכאַפּט צו די קאַלטע לימאָנאַדע און צו די אייז-װאַסער, װי אַ טיפּוס קראַנקער. איך האָב געטרונקען װי אַן זיך און האָב אין אַ קורצער צייט פֿאַרטרונקען אַ גאַנצן פֿאַרמעגן. איך האָב עס אויך געקאָנט באַשטיין. אין די פּאָר טעג, װאָס איך האָב זיך אויפֿגעהאַלטן אין די „קבוצות" (קאָאָפּעראַטיװע קאָלאָניעס) און אויפֿן כביש (שאָסיי) בײַ כנרת, האָב איך איינגעשפּאָרט שיינע עטלעכע דאָלאַר. דאָס זענען געװען צװיי טעג, אין װעלכע איך האָב קיין געלט נישט געקאָנט אויסגעבן, װײַל מען האָט פֿון מיר קיין געלט בשום אופֿן נישט געװאָלט נעמען. איך בין געשלאָפֿן אין אַ געצעלט, געגעסן אין דער קאָמוניסטישער קיך און געטרונקען פֿון דער אומזיסטיקער אָזערע כנרת. קיין זײַטיקע הוצאות איז אויך נישטאָ װוּ צו מאַכן. נישטאָ קיין טעאַטער, נישטאָ קיין „מואַװיס" און עס איז נישטאָ אפילו װוּ אויסצוגעבן אַ פּיאַסטער אָפּצופּוצן די שיך. קומענדיק אָבער אין טבריה בין איך װידער אַרויסגעגאַנגען אויף איינגענע קעסט און עס האָבן אָנגעהויבן צו פליען פּיאַסטערס און שמעלצן פֿונטן. אָבער אַזוי װי מײַן קעשענע האָט זיך פֿאַר אַ פּאָר טעג אָפּגערוט, האָט זי אַזוי שטאַרק דעם װייטאָג נישט געפֿילט. זי האָט נאָר אַ שטאַרקן קרעכץ געטון, װען אַ ייִדישער בעל-עגלה האָט בײַ מיר געגעבן אַנדערהאַלבן פֿונט (איבער 6 דאָלאַר) מיך צוצופֿירן פֿון טבריה אין מגדל (מיגדאַל), אַ שטיקל פֿון נישט מער װי פֿינף מייל, װאָס מען קאָן אין אַן אַנדערהאַלבן שעה גאַנץ לײַכט דערגרייכן צופֿוס. מײַן קעשענע איז שטאַרק אין כעס געװאָרן אויף אַזאַ רויבערײַ און זי האָט געיאָגט, אַז זי צאָלט נישט אפילו, װען דער בעל-עגלה איז אײַנגעגאַנגען אַראָפּצולאָזן אַ האַלבן פֿונט פֿון זײַן פּרייז. איך האָב די רייזע געמאַכט אַ סך ביליקער, גענומענדיק אַ פֿערד מיט אַ זאָטל אין האָטעל פֿאַר דרייסיק פּיאַסטער און בין אַװעקגעריטן און האָב געהאַט די דערפֿאַרונג, אַז איך האָב נאָך די תּורה פֿון רייטן, װעלכע איך האָב געקענט אין מײַנ

יינגערע יאָרן, נישט אינגאַנצן פאַרגעסן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב אַזויפיל יאָרן זיך פאַרנומען מיט קוועטשן דעם בענקל ביים שרייב־טיש.

איך האָב אין טבריה נישט געוואָלט זיך לאַנג אויפהאַלטן, איך בין אַהין געקומען הויפטזעכלעך צוליב דעם, וואָס איך האָב געוואָלט באַזוכן די חלוצים אויף דעם שאָסיי אין יענער געגנט און אַ פּאָר קאָלאָניעס אין דעם אויבערשטן טייל פון גליל. אגב, האָט מיר שוין די גאַנצע ארץ־ישראל אָנגעהויבן איבערדריסיק ווערן. איך האָב מיך געפילט שטאַרק אויסגעמאַטערט. און איך האָב אָנגעהויבן בענקען נאָך אַ ביסל ציוויליזאַציע. איידער איך האָב אָבער פאַרלאָזן טבריה, האָב איך פאַרבראַכט אַן אינטערעסאַנטן אָוונט אין דעם לאַגער פון די יידישע שאָסיי־אַרבעטער, וואָס געפינט זיך אויפן באַרג ביי טבריה. דאָס איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט יידישע חלוצים, נישט קיין העברעישע. זיי זענען מיר גע־ווען אינטערעסאַנטער, מענטשלעכער און נענטער.

———

# צווישן אמתע יידישע ארבעטער

עס איז שוין געווען שפּעט פאַרנאַכט, ארום 7 א זייגער, ווען איך האָב מיך אָנגעהויבן אויפהויבן אויפן באַרג ביי טבריה, ווו די געצעלטן פון די יידישע אַרבעטער זענען אויפגעשלאָגן. קלעטערנ־דיק אויפן באַרג, האָב איך באַגעגנט אייניקע חלוצים ביי דער אַר־בעט. זיי זענען געזעסן און האָבן מיט אַ האַמער צוקלאַפּט גרויסע שטיקער שטיינער אויף קליינע שטיקלעך. זיי האָבן געמאַכט „חצץ" (כאצאץ), ווי מען רופט עס אויף דעם העברעיִשן לשון פון די שאָ־סיי־אַרבעטער.

— וואָרום אַרבעט איר אַזוי שפּעט, עס טונקלט דאָך שוין? — האָב איך איינעם פון די שטיינער־האַקער געפרעגט.

— מען האָט היינט ביי טאָג נישט געקאָנט אַרבעטן צוליב דער גרויסער היץ, אַרבעטן מיר אַ ביסל שפּעטער אין אָוונט — האָט ער מיר געענטפערט.

נישט אַלע אָבער זענען אַזוי שפּעט געבליבן ביי דער אַר־בעט. וואָרום ווען איך בין אַרויפגעקראָכן אויפן שפּיץ באַרג און צוגעקומען נענטער צו די געצעלטן, האָב איך שוין דאָרטן גע־טראָפן מערערע חלוצים צוריקגעקערטע פון דער אַרבעט.

איך בין צוגעגאַנגען צו אַ געצעלט, לעבן וועלכן עס איז געשטאַנען אַ יונג בחורל און האָב זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן וועגן דער גרופּע אַרבעטער, וועלכע האַלט זיך אויף אין די געצעלטן אויפן שפּיץ פון באַרג. איך האָב דעם געשפּרעך געוויינלעך אָנגע־הויבן אויף העברעיִש, ווייל די דערפאַרונג האָט מיר שוין גע־לערנט, אַז די ערשטע באַקאַנשאַפט מיט די חלוצים דאַרף מען מאַכן אין העברעיש. דאָס געשפּרעך האָט זיך אָבער נישט גע־קלעפּט. דער יונגער אַרבעטער האָט אויף מיינע פראַגן געענטפערט קורץ און אָן חשק. נאָר אויך פון זיינע קורצע ענטפערס האָב איך

באַמערקט, אַז ער איז נאָר נישקשהדיק טעמפּיק אויף דער העב־רעישער שפּראַך. דאָס איז אָבער פֿאַר מיר קיין נייעס נישט געוועזן. איך האָב צווישן די חלוצים באַגעגנט אַ סך, וועלכע זענען געקומען גרויסע קאַלעקעס אין העברעיש און דאָך האָבן זיי נישט אַנדערש געוואָלט, אַז איך זאָל מיט זיי רעדן העברעיש. — מען דאַרף מיט דעם בחור גאָר אַ פּראָבירן פון רעדן מאַמע־לשון, ניב איך אַ טראַכט. אפשר וועט אויף יידיש זיין צונג נישט זיין אַזוי פֿאַרגליווערט און איך וועל מיט אים דאָך קאָנען פֿאַרפֿירן אַ ברייטן געשפּרעך. געטראַכט און געטון. איך האָב פלוצים אַ קירעווע געטון די צונג און אָנגעהויבן רעדן יידיש. און וואונדער איבער וואונדער! דער יונגער בחור איז גאָר אַן אַנדערער געוואָרן. זיין צונג האָט זיך אַ ריר געטון און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן און דערציילן. און אַז צוויי יידן רעדן געפינט זיך באַלד אויך אַ דריטער ייד, וואָס הערט זיך צו און וואַרפט אריין אַ וואָרט, און נאָכן דריטן קומט אַ פערטער און אַ פינפטער, ביז עס קלויבט זיך אויף אַ גאַנצע קופּקע און מען הויבט אָן רעדן בצבור. עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט און ארום מיר האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אַ גאַנץ היפּשע קופּקע חלוצים און צווישן אונז האָט זיך פֿאַרפֿירט אַ גאַנץ לעבעדיקער געשפּרעך. איך האָב זיך גלייך דערוווּסט, אַז גראָד דאָס מאָל בין איך אַריינגעפֿאַלן צווישן יידישע חלוצים, נישט קיין העברעישע. און אַז מען קומט זיך צונויף מיט יידישע יידן און מען רעדט מאַמע־לשון, ווערט מען גיך אינטימ און מען קאָן אין איין שעה צייט אַ סך מער זיך דערוויסן ווי אין העברעיש צען שעה. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ הנאה פֿון יידיש, ווי זיצנדיק מיט די יידישע חלוצים ביי טבריה און שמועסנדיק מיט זיי. וואָס פֿאַר אַ טייערע שפּראַך? עס איז אַזוי לייכט צו רעדן, ווי די ווערטער וואָלטן זיך אַליין גליטשן פֿון צונג און וואָס עס ווילט זיך זאָגן, רעדט זיך אַרויס און פֿאַרשטייסט יעדעס וואָרט. פֿאַרגלייכנדיק מיט העברעיש, איז עס אַן אמתער פֿאַרגעניגן.

אויף דעם כביש (שאָסיי) ביי טבריה ארבעטן איבער הונדערט חלוצים און זיי זענען צוטיילט אין צוויי גרופּן (קבוצות). איין גרופּע הייסט מחנה א׳ און די צווייטע—מחנה ב׳. ביידע זענען

טײל פון דעם „גדוד העבודה" (אַרבעטס־רעגימענטס), וואָס איז קאָנצענטרירט בײַ מגדל, עטלעכע מײַל פון טבריה, און ווו עס געפינען זיך עטלעכע הונדערט שאָמר־אַרבעטער. דער „גדוד" בײַ מגדל איז שוין דווקא שטרענג העברעיש, פאַנאַטיש העברעיִש, און עס עקזיסטירט דעריבער נישט צווישן אים און די צוויי קבוצות בײַ טבריה קײן איבעריקס גרויסע ליבע.

צווישן די חלוצים פון מחנה א׳ און מחנה ב׳ געפינען זיך אויך אַ רעכט ביסל „מאָפסן"*) (קאָמוניסטן) און עס איז גראָד כאַראַקטעריסטיש, דאָס די קאָמוניסטן צווישן די חלוצים זענען נישט קײן אָנהענגער פון אַרבעטן און לעבן אין קאָמונעס אין ארץ־ישראל. זײ זאָגן, אַז די קאָמונעס פון די חלוצים איז בלויז אַ שפּיל פון קאָמוניזם. טעאָרעטיש זענען זײ געוויס גערעכט. דער אמתער סאָציאַליסטישער קאָמוניזם האָט ווירקלעך זײער ווייניק שייכות צו דער אָרגאַניזירונג פון קאָמוניסטישע גרופּן צווישן די שאָמר־אַרבעטער אין ארץ־ישראל. די סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, פאַר וועלכער דער אַרבעטער־קלאַס פירט אָן זײַן קאַמף, איז עפּעס אַ גאַנץ אַנדער זאַך, ווי קאָמוניסטישע אַרבעטער־גרופּן. דער סאָציאַליסטישער קאָמוניזם איז אַ סיסטעם פון אַ געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, אָבער נישט פון אײנצלנע אַרבעטער־גרופּן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. נאָר ווי טעאָרעטיש גערעכט די „מאָפסן" אין ארץ־ישראל זאָלן נישט זײַן מיט זײער באַציונג צו די קאָמוניסטישע גרופּן, רופן דאָך די קאָמוניסטישע גרופּן אַרויס אַ גרויסע סימפּאַטיע צו זיך. עס איז שײן און אָנציענדיק.

די חלוצים פון מחנה א׳ און מחנה ב׳ קוקן אויף דער איצטיקער סיטואַציע אין ארץ־ישראל מיט גאַנץ ניכטערע אויגן. אַ גרויסער טײל פון זײ באַטראַכטן די גאַנצע אונטערנעמונג אַלס אַ באַנקראָט, די באַגײַסטערונג פאַר בויען ארץ־ישראל איז פאַרשוונדן. עס איז נישטאָ ווו צו בויען און עס איז נישטאָ מיט וואָס צו בויען. און די פּאָליטיק, וואָס די ענגלישע אַדמיניסטראַציע

---

*) דער נאָמען „מאָפּסן" קומט פון דער ראשי־תיבות מפ״ס— מפלגת פועלים סוציאליסטים" (סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטײ).

האָט אָנגעהויבן צו פירן נאָכן יאַפּער פּאָגראָם, האָט דערשלאָגן דאָס ביסל מוט, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן. מען אַרבעט אויף די שאָסייען און מען בלייבט אויף די ערטער, ווייל עס איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג. ווער עס האָט די מיטלען צו אַנטלויפן און וווהין צו אַנטלויפן, טוט עס ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. און וואָס ווייטער ווערט אַלץ ערגער. די אַרבעט אויף די שאָסייען וועלן זיך קירצלעך ענדיקן און קיין נייע אַרבעט וועט זיך נישט. די אַרבעטער האָבן דעריבער זיך ווייניק געפרייט מיט דער בשורה, אַז מען וועט זיי צושיקן פון אַמעריקע מאָדערנע געצייג צו בויען שאָסייען. מיט מאָדערנער געצייג וועלן די שאָסייען גיכער פאַרטיק ווערן, און דאָס איז אַ גאַנץ קליינע שמחה. וואָרום, אַז די שאָסייען וועלן גיכער פאַרטיק ווערן, וועט מען ניכער בלייבן אָן אַרבעט.

עס איז שוין געוואָרן גאַנץ טונקל און מען האָט גערופן עסן וועטשערע. עס איז געווען אַ גאַנץ אָרעמע וועטשערע, אָבער דער עולם האָט זיך מער אינטערעסירט מיט דעם געשפּרעך, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט, ווי מיט דער וועטשערע. מען האָט גערעדט וועגן אַלץ, וועגן דער העברעישער אָנשיקעניש, וועגן דעם גרויסן מאַנגל אין יידישע ביכער און יידישע זשורנאַלן, וועגן דער גרויסער לאַנגווייליקייט און דער האָפענונגסלאָזיקייט א. א. וו.

די וועטשערע האָט זיך לאַנג פאַרצויגן און אַ טייל פון די חלוצים זענען אַוועק אין זייערע געצעלטן. זיי דאַרפן פרי אויפשטיין צו דער אַרבעט. אַ טייל זענען אַוועק מיט ביקסן אויף די פּלייצעס באַוואָרענען דעם געצעלטן־לאַגער קעגן אַן אָנפאַל פון אַראַבער. אַ גרויסע טייל אָבער איז געבליבן זיצן און פאָרטגעזעצט דעם געשפּרעך. עס איז געווען אַן אינטימער געשפּרעך. מענטשן האָבן זייערע הערצער געעפנט און האָבן אַרויסגערעדט, וואָס זיי דריקט און וואָס זיי באַאומרויקט. מען האָט גערעדט וועגן אַנטוישטע האָפנונגען, וועגן צורונענע חלומות און וועגן דער פוסטקייט פון לעבן, שפּעט אין דער נאַכט האָב איך זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן פון באַרג אין דער באַגלייטונג פון אַ גרופּע חלוצים, זיבן אָדער אַכט יונגע לייט פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן און אין

רוסלאַנד. די נאַכט איז געווען אַ שיינע ווי די מייסטע נעכט אין ארץ-ישראל, אַ טיף-בלויער אויסגעשטערנטער הימל, אַ זאַנפטע אָפּ-געקילטע לופט און אַ שטיל ווינטל פון כנרת. עס איז געווען אַן אָנגענעמער שפּאַצירגאַנג.

קומענדיק אין טבריה האָב איך איינגעלאַדן מיינע באַגלייטער אויף אַ גלעזל קאַלטע לימאָנאַדע. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אין מיטן פון דער הויפּט-גאַס פון טבריה, קעגנאיבער אַן אַראַבישן „אייז-קרים"-פּאַרלאָר" און האָבן אָנגעהויבן גיסן אין זיך די קאַלטע אַראַבישע לימאָנאַדע איין גלאָז נאָכן אַנדערן. אַ גראַמאַפאָן האָט געשפּילט אַן אַראַבישן מאַרש מיט אַן עכטן יידישן ניגון און מיט אַ סך דביקות. ער האָט עס געשפּילט אומצייליקע מאָל און דער אַרומיקער אַראַבישער עולם איז נאָך אַלץ נישט זאַט געוואָרן הערנדיק. דעם אמת זאָגנדיק איז מיר דער ניגון אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער וואָלט זיך זייער שטאַרק צוגעפּאַסט פאַר אַ „בצאת ישראל" אָדער פאַר אַ „הנרות הללו". פאַר מיינע באַגלייטער אָבער איז דער ניגון נישט געווען ניי. זיי האָבן אים שוין געקענט אויף אויסווייניק. זיי האָבן זיך מער אינטערעסירט מיט דער פראַגע ווי אַזוי זיי קאָנען באַקומען יידישע ביכער און יידישע זשורנאַלן פון אַמעריקע און אויף וואָס פאַר אַן אופן איך קאָן זיי אין דעם באַהילפיק זיין.

עס איז שוין געווען נאָך איינס אַ זייגער ביינאַכט, אָדער ריכטיקער אין פרימאָרגן, ווען מיר האָבן זיך צושיידט. און עס איז געווען איינער פון די אינטערעסאַנטסטע אָוונטן, אויב נישט דער אינטערעסאַנטסטער, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ארץ-ישראל.

———

# יידיש און העברעיש.

אין דער מלחמה צווישן ייִדיש און העברעיִש אין ארץ־ישראל איז פאָרלויפיק אָן שום צווייפל דער זיג אויף דער זייט פון העב־רעיִש. די העברעיִסטן מעגן זיך רימען, אַז זיי האָבן געשלאָגן די ייִדישיסטן אויף דער גאַנצער ליניע און דאָס וועט נישט זײַן קיין פּוסטע באַרימעריי, נאָר אַן אמתער פאַקט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז אַלע ייִדן, אָדער ווייניקסטנס אַ מאַ־יאָריטעט פון די ייִדן אין ארץ־ישראל האָבן אַוועקגעוואָרפן רעדן ייִדיש און האָבן אָנגעהויבן רעדן העברעיש. אין קעגנטייל, פון די עטלעכע און זיבציק טויזנט ייִדן, וואָס געפינען זיך איצט אין ארץ־ישראל רעדט בלויז אַ גאַנץ קליינע מינאָריטעט העברעיִש, בעת די גאַנץ גרויסע מאַיאָריטעט רעדט ייִדיש. אָבער דאָך מוז יעדער איינער, וואָס האָט דאָס לאַנד באַזוכט, צוגעבן, אַז העברעיש האָט געזיגט, וואָרום דאָס ביסעלע מאָדערנע ייִדישע קולטור, וואָס ארץ־ישראל פאַרמאָגט הײַנט, איז העברעיִש. און די אָפיציעלע שפּראַך אין שריפט און אין דרוק איז העברעיש, אָפט אַ גאַנץ שלעכטער פאַר־דאָרבענער העברעיש, אָבער דאָך העברעיש. און וויכטיקער פאַר אַלץ איז, וואָס די שול איז העברעיִש און די שול־קינדער רעדן העברעיש. דער זיג פון העברעיִש איז אַזוי פולשטענדיק, אַז מען קאָן זאָגן, אַז עס איז הײַנט שוין מער קיין מלחמה נישטאָ אין ארץ־ישראל צווישן ייִדיש און העברעיש. עס איז נישטאָ וועגן וואָס מלחמה האַלטן. ביז דעם פּאָגראָם אין יאַפע האָבן נאָך די לינקע אָדער קאָמוניסטישע פּועלי־ציון (מאָפּסן) אָנגעפירט אַ קאַמף פאַר ייִדיש. נאָכן פּאָגראָם אָבער, ווען העבערט סעמועלסעס אַדמיני־סטראַציע האָט אָנגעהויבן אירע רדיפות אויף די „רויטע" און האָט אָנגעהויבן אָפּרייניקן דאָס לאַנד פון זיי, איז נישט בלויז די יידי־שע שטים פון די „רויטע" דערשטיקט געוואָרן, נאָר מען האָט זיי

אינגאַנצן שטום געמאַכט. אמת די רעכטע פּועלי-ציון, די אחדות-העבֿודהניקעס האָבן פּראָטעסטירט קעגן די רדיפֿות פֿון דער רעגירונג אויף די לינקע, אָבער אַ סך פֿון זיי זענען אין האַרצן געווען שטאַרק צופֿרידן, וואָס מען איז ענדלעך פּטור געוואָרן פֿון דער קאָמוניסטישער ייִדישיסטישער צרה און וואָס מען האָט אָט די רויטע ייִדישיסטן דאָס מויל פֿאַרמאַכט. און אַז עס האַלט שוין בײַם אמת, מעג מען אויך דערציילן, אַז מאַנכע פֿון די אחדות-העבֿודהניקעס האָבן דירעקט געהאָלפֿן דער אַדמיניסטראַציע אין איר רדיפֿות אויף די מאָפּסן. מען האָט מיר אַפֿילו דערציילט, אַז דער הויפּט-יעגער אויף די מאָפּסן איז געווען אַ ייִדישער פּאָליציי-באַאַמטער, וועלכער איז אַ מיטגליד פֿון דער אחדות-העבֿודה און אַז די אחדות-העבֿודהניקעס האָבן אָט דעם חבֿרה-מאַן זייערן אַפֿילו נישט אויסגערעדט פֿאַר זײַנע שײנע מעשׂים.

דעם זיג פֿון העברעיִש איבער ייִדיש מעגן די פּועלי-ציון פֿאַרשרײַבן אויף זייער קרעדיט. עס איז אמת, אַז די מלחמה האָבן נישט זיי אָנגעהויבן, נאָר די אַלגעמײנע בורזשואַזע ציוניסטן, אָבער ווען נישט די הילף פֿון די פּועלי-ציון, וואָלטן די אַלגעמײנע ציוניסטן קײנמאָל נישט געוווּנען.

די אַלגעמײנע ציוניסטן האָבן געהאַט ווייניק דערפֿאָלג מיט זייער קאַמף קעגן ייִדיש אין ארץ-ישׂראל. דער פֿאַקט איז, אַז אין די ייִדישע קאָלאָניעס, וועלכע די ציוניסטן האָבן געהאָלפֿן בויען, איז נאָך הײַנט ייִדיש אַ סך מער פֿאַרטראָטן ווי העברעיִש. אָבער ווו די פּועלי-ציון האָבן צוגעלייגט אַ האַנט, האָט העברעיִש פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿון ייִדיש. די אַלגעמײנע ציוניסטן האָבן דעם קאַמף קעגן ייִדיש אָנגעפֿירט מער אין דער טעאָריע ווי אין דער פּראַקטיק. די פּועלי-ציון האָבן אָבער די פֿראַגע פֿון העברעיִש פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף פֿון דעם טאָג-טעגלעכן לעבן און זיי האָבן אין דעם קאַמף אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן פֿאַנאַטיזם און שאָוויניזם פֿון העכסטן גראַד. די פּוילישע שאָוויניסטן אין פּוילן וואָלטן זיך קײנמאָל נישט דערלויבט צו באַקעמפֿן און צו אונטערדריקן די ייִדישע שפּראַך אין פּוילן מיט אַזעלכע געוואַלט-מיטלען, ווי דאָס האָבן געטון די פּועלי-ציון אין ארץ-ישׂראל. זיי האָבן

אײנפאַך טעראָריזירט די ייִדישע שפּראַך, זײ זענען געגאַנגען אַזוי װײַט, דאָס זײ זענען גרײט געװען צו פּאָגראָמירן פּאַרזאַמלונגען, װעלכע זענען אײַנגערופן געװאָרן פון ייִדישיסטן. עס פאַרשטײט זיך, אַז ניט דורך טעראָר אַלײן װאָלטן די פּועלי-ציון געקאָנט באַזיגן די ייִדישיסטן. זײ האָבן אין דער מלחמה, אויסער פאַנאַטיזם און שאָװיניזם, אויך געהאַט אויף זײער זײַט דעם גאַנצן אַפּאַראַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. און דער אמת דאַרף געזאָגט װערן, אַז די גאַנץ גרויסע מערהײַט פון די ייִדישע אַרבעטער אין ארץ-ישראל שטײט אונטערן אײַנפלוס פון דער „אחדות העבודה" און „הפועל הצעיר", װעלכע זענען דורך און דורך שאָװיניסטיש. די מײַסטע אַרבעטער קענען גאַנץ װײניק העברעיש, אָבער עס האָט זיך דער „אחדות העבודה" און דעם „הפועל הצעיר" אײַנגעגעבן אַזוי צו פאַרמיאוסן די ייִדישע שפּראַך אין זײערע אויגן, אַז זײ רעדן בעסער אַ צוקאַלעטשעטן העברעיש, אײדער אַ גוטן ייִדיש. אַ געװיסע װירקונג האָט אויך געהאַט דאָס, װאָס די ענגלישע רעגירונג האָט אָנערקענט העברעיש אַלס אײנע פון די דרײַ שפּראַכן אין לאַנד. אמת, אין דעם טאָג-טעגלעכן לעבן האָט די דאָזיקע אָנערקענונג אַ קלײנע באַדײַטונג. די װירקלעכע אָפיציעלע שפּראַכן פון לאַנד זענען אַראַביש און ענגליש. װען אַ ייִד אין פּאַלעסטינע דאַרף זיך װענדן צו װעלכן עס איז רעגירונגס-אַנשטאַלט װעט ער ניט רעדן קײן העברעיש, װײַל ניט בלויז די אַראַבישע און ענגלישע באַאַמטע פאַרשטײען ניט קײן העברעיש, נאָר עס זענען אויך פאַראַן ייִדישע באַאַמטע, װעלכע קענען ניט רעדן קײן העברעיש. און אויב פון אנהויב, װען דאָס רעכט פון העברעיש אַלס דריטע שפּראַך פון לאַנד איז אָנערקענט געװאָרן, האָט די אַדמיניסטראַציע פּראָבירט אָפּהיטן דאָס אָנערקענטע רעכט, האָט זי אָבער ביסלעכװײַז אָנגעהויבן פאַרגעסן, אַז עס עקזיסטירט אין פּאַלעסטינע נאָך אַן אָפיציעלע שפּראַך, אויסער ענגליש און אַראַביש. די רעגירונג אין פּאַלעסטינע װײס גאַנץ גוט, אַז די אָנערקענונג פון העברעיש איז ניט מער װי אַ פאָרמאַליטעט, אָבער ניט קײן נויטװענדיקײט, װאָס דרינגט אַרויס פון לעבן. די רעגירונג װײס, אַז די מוטערשפּראַך פון דער גאַנץ

גרויסער מערהייט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ארץ־ישראל איז נישט העברעיִש. זיי ווייס אפילו, אז א סך יידן אין ארץ־ישראל קענען נישט קיין העברעיש. פֿאַר פּראַקטישע צוועקן, אַלזאָ, פֿאַר דער טאָג־טעגלעכער באַדערפֿעניש פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין ארץ־ישראל האָט מען גאַנץ גוט געקאָנט אויסקומען אָן דער אָנערקענונג פֿון העברעיִש. נישט מער, די ציוניסטן האָבן דווקא פֿאַרלאַנגט העברעיִש, האָט מען זיי עס געגעבן. אָבער שווערער מאַכן די רעדער פֿון דער רעגירונגס־מאַשין צוליב פֿאָרמאַליטעט, האָבן כסדר צו טון מיט אַ דריטער שפּראַך, וועלכע איז אין פּראַקטישן לעבן לחלוטין נישט נויטיק, דאָס איז עטוואָס אַזעלכעס, וואָס מען האָט אַפֿילו פֿון דער ענגלישער רעגירונג נישט געקאָנט דערוואַרטן. די העברעיִשע שפּראַך ווערט טאַקע דעריבער גאַנץ אָפֿט אויסגעלאָזן אין די צעטלען פֿון דער רעגירונג, נישט קוקנדיק אויף די פּראָטעסטן פֿון די ציוניסטן. און ביסלעכווייַז ווערט עס אויך די ציוניסטן איבערדריסיק צו פּראָטעסטירן. אין דער אויספֿאָרשונג פֿון דעם פּאָגראָם אין יאַפֿע, למשל, איז די העברעיִשע שפּראַך כמעט אינגאַנצן אויסגעלאָזן געוואָרן. די ציוניסטן האָבן פּראָטעסטירט, אָבער מען האָט זיי אויף אַן אייִדלן און אַמאָל גאָרנישט אויך אַן אייִדלן אויפֿן דערקלערט, אַז זיי זאָלן אויפֿהערן דרייען אַ קאָפּ מיט זייער העברעיִש, וואָס מאַכט בלויז שווערער די גע־ריכטלעכע פֿאַרהאַנדלונגען און ברענגט קיינעם קיין נוצן נישט. די קליגערע ציוניסטן פֿאַרשטייען די לאַגע און זיי שווייגן. די נאַרישע אָבער פּראָטעסטירן און בלייבן נאַראָנים.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין פּראַקטישן טאָג־טעגלעכן לעבן האָט די אָפֿיציעלע אָנערקענונג פֿון העברעיִש אַ קנאַפּע באַדייַטונג, האָט די דאָזיקע אָנערקענונג דאָך אַ גרויסע מאָראַלישע באַדייַטונג פֿאַר די העברעיסטן אין זייער קאַמף קעגן ייִדיש. די אונטערשטע שורה איז, אַז אַזוי ווי די לאַגע איז היינט, איז עס קיין צווייפֿל נישט, אַז העברעיִש האָט אין ארץ־ישראל געזיגט איבער ייִדיש. די איינציקע האָפֿנונג פֿון די ייִדישיסטן איז געווען, אַז אין ארץ־ישראל וועט זיך אָנהויבן אַ

יידישע מאסן־אימיגראציע, ווען דאס וואלט פאסירט וואלט די יידישע שפראך, קענן דעם גאנצן קאמף פון די ציוניסטן און פועלי־ציון, פארטרונקען די העברעיסטן. אבער א יידישע מאסן־אימיגראציע איז אין ארץ־ישראל נישט מעגלעך. העכסטנס קאנען אריינקומען עטלעכע טויזנט יידישע אימיגראנטן א יאר, וואס א גרויסער טייל פון זיי מוז דאס לאנד צוריק פארלאזן. און אזא קליינע אימיגראציע קאנען שוין די העברעיסטן אסימילירן.

נאר די יידישע שפראך־פראגע אין ארץ־ישראל איז שוין היינט אוועקגעשטעלט געווארן אויף אן אנדער אופן. די פראגע איז נישט מער העברעיש אדער יידיש, נאר העברעיש אדער ענגליש. די קאנקורענץ פון דער ענגלישער שפראך האט זיך שוין אנגעהויבן פילן. עס איז אייניפאך צו באווונדערן ווי שנעל די ענגלישע שפראך פארשפרייט זיך צווישן דער יידישער באפעלקערונג אין ארץ־ישראל. ענגלאנד רעגירט שוין איבער עגיפטן אזוי לאנג און דאך האט זיך די ענגלישע שפראך ביז היינט ווייניק פארשפרייט צווישן דער עגיפטישער באפעלקערונג, אין ארץ־ישראל רעגירט ענגלאנד בלויז א קורצע צייט און איר הערט דארטן א סך מער ענגליש ווי אין עגיפטן. א ייד איז א בעל־תכלית. העברעיש איז טאקע א מצוה צו רעדן, אבער א תכלית איז ענגליש. פון רעדן העברעיש קאן מען אפשר האבן נאציאנאלע עולם־הבא, אבער פון ענגליש קאן מען דערווארטן ממשותדיקע עולם הזה. די יידישע יוגנט אין ארץ־ישראל האט זיך דעריבער א נעם געטון צו ענגליש און עס איז אוועק א גאנג. און אויב עס איז געווען לייכט פאר די העברעיסטן צו פארמיאוסן יידיש אין די אויגן פון דער יוגנט, קאנען זיי עס אבער נישט טון מיט ענגליש. ערשטנס, פילט זיך די יוגנט א סך שטאלצער צו רעדן ענגליש, איידער העברעיש, צווייטנס, איז ענגליש, ווי שוין געזאגט, א תכלית.

די יידישיסטן האבן זיך באקלאגט פאר מיר, דאס זיי האבן מורא, אז דאס ביסל יידן אין ארץ־ישראל וועט זיך פאר־וואנדלען אין א העברעישן שבט און עס וועט מיט דער צייט אפגעריסן ווערן די נאציאנאלע פארבינדונג צווישן זיי און די

ייִרן אין די אַנדערע לענדער. נאָר צוקוקנדיק זיך צו דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון ענגליש צווישן דער ייִדישער יוגנט אין ארץ־ישראל, האָב איך די ייִדישיסטן געקאָנט טרייסטן, אַז ווייטער טאָרא איז אַן אומזיסטע. עס וועט ניט געשאַפֿן ווערן אַ העברעישער שבט אין ארץ־ישראל, נאָר אַן ענגליש שפּרעכנדעס ייִדנטום, האָב איך זיי געטרייסט. ענגליש, האָב איך זיי דערקלערט, האָט אַ געוואַלטיקן כּח, און גאַנץ באַזונדערס אויף ייִדן. און אויב אַמאָל איז געווען די טאַקטיק פֿון די ענגלענדער ניט צו לייגן צופֿיל געוויכט אויף דער אַנגליזירונג פֿון זייערע קאָלאָניעס, ווייל זיי האָבן זיך הויפּטזעכלעך אָפּגעגעבן מיט עקס־פּלואַטירן די קאָלאָניעס און זיי פֿאַרוואַנדלען אין מערק פֿאַר ענגלישע סחורה און ווייטער האָט זיי ניט געקימערט, האָבן זיי אָבער לעצטנס זייער טאַקטיק געענדערט. די דערפֿאַרונג האָט זיי געלערנט, אַז די אַנגליזירונג פֿון קאָלאָניעס איז אַ גאַנץ וויכטיקער טייל אין דעם קרעמערישן אימפּעריאַליזם. ענגלאַנד האָט דעריבער לעצטנס אָנגעהויבן אַ גאַנץ אינטענסיווע אַנגליזירונגס־טעטיקייט אין עגיפּטן און זי טוט עס אויך אין פּאַלעסטינע.

די פֿראַגע אין ארץ־ישראל איז דעריבער היינט ניט העברעיִש אָדער ייִדיש, נאָר העברעיִש אָדער ענגליש.

***

# אויפֿן וועג צוריק אַהיים

איך בין אין ארץ־ישראל געפֿאָרן אַזוי ווײַט ווי ביז צפֿת, און איך האָב מיר געזאָגט, אַז עס איז גענוג. צפֿת איז די פֿערטע הײליקע שטאָט אין ארץ־ישראל. איר האָט דאָרטן הײליקע ישיבות, הײליקע קברים, שמוציקע ענגע, קרומע געסלעך און חלוקה־ייִדן פּונקט אַזוי, ווי אין טבריה און חברון. די מאַיאָריטעט פֿון דער באַפֿעלקערונג אין צפֿת איז אָבער אַ נײַשע, פֿון די 16 טויזנט אײַנוווינער זענען נאָר 6 טויזנט ייִדן. אין צפֿת האָב איך מיך אַ ביסל אָפּגעקילט פֿון דער ארץ־ישראלדיקער ברענענדיקער היץ. צפֿת שטײט אויף אַ באַרג און די לופֿט איז דאָרטן באַדײַטנדיק קילער ווי אין טבריה. אין דער נאַכט איז גאַנץ קיל. אין אַלגעמײַן איז דער קלימאַט אין אויבערשטן טײל פֿון גליל (גליל העליון) אַ פֿיל בעסערער ווי אין די אַנדערע טײלן פֿון ארץ־ישראל. איך האָב פֿריִער געהאַט בדעה צוצופֿאָרן ביז מטולה, דער ווײַטסטער פּונקט פֿון ארץ־ישראל. אָבער איך האָב עס איבערגעלאָזן פֿאַר די אַנדערע ארץ־ישראל רײַזנדע, אַז זײ זאָלן עס טון. עס איז אמת, אַז מטולה איז ניט ווײַט פֿון צפֿת, אָבער פֿון אַלע ידיעות, וואָס איך האָב געהאַט וועגן מטולה, האָב איך אויסגעפֿונען, אַז איך האָב דאָרטן נישט וואָס צו זען. אויפֿן וועג אין צפֿת האָב איך זיך בלויז אָפּגעשטעלט אין ראש־פּנה (ראָיש פּינאַ), די וויכטיקסטע ייִדישע קאָלאָניע אין דעם אויבערשטן טײל פֿון גליל.

ראש פּנה איז געגרינדעט געוואָרן פֿון רומענישע ייִדן, אָבער זי איז גלײַך אויפֿן צווייטן יאָר נאָך איר גרינדונג אַריבערגעגאַנגען אויף קעסט בײַ באַראָן ראָטשילד.

ראש פּנה איז אַ שײנע קאָלאָניע. זי געפֿינט זיך אויף אַ באַרג און די לופֿט איז דאָרטן אַ גאַנץ גוטע. די קאָלאָניע

האָט אויך גוטע קוואַל־וואַסער און איז הויפּט־פּראָדוקט אין תבואה.

פון דעם באַרג כנען (קנאַאַן) ווו עס געפינט זיך די בית־עולם פון ראש פנה, קאָן מען זען כמעט א העלפט פון דער איצטיקער ארץ־ישראלדיקער מדינה. עס איז א ווונדער שיינע פּאַנאָ־אַמע. איר זעט פון דאָרטן דעם ים כנרת, ווי ער ליגט באַהאַלטן צווישן די בערג. איר זעט די בערג פון עבר־הירדן, די בערג פון נפתלי און דעם שניי־באַדעקטן באַרג חרמון און לבנון.

---

די ארץ־ישראל איינוווינער האָבן מיר געוואָלט צו דערקלערן, אַז איך בין געקומען אין א שלעכטער צייט, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין לאַנד אין די רעכטע היצן און דעריבער פיל איך זיך אַזוי אומבאַקוועם און אויסגעמאַטערט. איך האָב אָבער שפּעטער דערפאַרן, אַז אין וועלכער צייט איך וואָלט נישט געקומען וואָלט איך קיין בעסערע נישט געפונען. עס איז איינס פון די צוויי. קומט מען זומער איז עס הייס. קומט מען ווינטער ווינטער, רעגנט עס און עס גיסט ווי מיט עמערס, אַז מען קאָן זיך אין ערגעץ א ריר נישט טון. עס איז נאָר אין בלאָטיק.

די בעסטע צייט צו באַזוכן פּאַלעסטינע איז אין חודש מאַי, האָט מען מיר געזאָגט. אָבער דאַן איז אַן אנדער צרה די טעמפּעראַטור איז אין יענער צייט א קרחתדיקע. אין דער פרי איז קאַלט, בייטאָג איז גאַנץ הייס און אין אָוונט איז ווידער קאַלט. און די ענדערונגען פון דער טעמפּעראַטור זענען אַזעלכע שאַרפע, אַז פאַר דעם, וואָס איז נישט געוווינט, איז עס שווער צו פאַרטראָגן. די דאָזיקע שאַרפע טעמפּעראַטור־ענדערונגען קומען פאָר אין מאַי און אין יוני און אין אָקטאָבער.

איך האָב גערעדט מיט פיל, וועלכע זענען שוין א לענגערע צייט אין ארץ־ישראל און זיי זענען אין דעם ארץ־ישראלדיקן קלימאַט איינגאַנץ פאַרליבט. ווען איר רעדט מיט זיי, ווילן זיי אייך פאַרזיכערן, אַז דער ארץ־ישראלדיקער קלימאַט איז

דער בעסטער אין דער וועלט. ווי עס שײַנט איז אפֿילו אַ קלײַנבאַט אויך אַ געשמאַק־זאַך. נאָר ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, איך האָב פּשוט געבענקט נאָר אַ ביסל גלות־לופֿט פֿון דער שווײַץ, פֿון איטאַליען און אפֿילו פֿון די קעטסקיל־בערג אין אַמעריקע. און נאָך מער ווי נאָך דער לופֿט האָב איך געבענקט נאָך אַ ביסעלע גלות־ציוויליזאַציע. דער גלות האָט אונדז אײַנפֿאַך פֿאַרדאָרבן. ער האָט אונדז אײַנגעוווינט אין אַ ציוויליזאַציע, אָן וועלכער עס איז אונדז שווער צו באַגיין, קומענדיק אין אונדזער „אייגן" לאַנד. איך האָב דעריבער באַשלאָסן, אַז איך זאָל מײַן צוריקרייזע מאַכן אַזוי בהפֿזונדיק, ווי איך וועל נאָר קאָנען. נוט דורכטרײַסלנדיק מײַנע ביינער אין דעם דיליזשאַנס, וואָס פֿאָרט פֿון צפֿת אין טבריה, האָב איך מיר אַ ביסל אָפּגערוט אויף דעם דאַמף־שיפֿל, וואָס גייט איבער כנרת פֿון טבריה ביז צמח און פֿון דאָרטן האָב איך מיר געטרייסלט עטלעכע שעה אין אַ ארץ־ישׂראלדיקן אײַזנבאַן־וואַגאָן ביז איך בין אָנגעקומען אין חיפֿה, וווּ דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּצורוען איבער נאַכט. אַזאַ מנהג איז שוין אין ארץ־ישׂראל, אַז בײַנאַכט שלאָפֿן דאָרטן אויך די אײַזנבאַנען. אויף מאָרגן בײַטאָג בין איך אָנגעקומען אין תּל אביב. אָבער דאָ האָב איך געמוזט אַ ביסעלע אָפּוואַרטן. איך האָב זיך גראָד דערוווּסט, אַז נישט בלויז מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אַרײַנצופֿאָרן אין ארץ־ישׂראל, נאָר מען דאַרף אויך האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן. עס איז אמת, אַז אויף אַרויספֿאָרן קריגט מען די ערלויבעניש אַ סך לײַכטער, ווי אויף אַרײַנצופֿאָרן, אָבער עס קאָסט דאָך אַ ביסל צײַט און אַ ביסל געלט. פֿאַרוואָס עפּעס געלט? איך בין דאָך אַרײַנגעפֿאָרן מיט דעם צוועק אין אַ קורצער צײַט אַרום צופֿאָרן, און די ענגלישע גרענעץ־באַאַמטע, וועלכע האָבן מיך אַרײַנגעלאָזן אין „מײַן" לאַנד, האָבן דאָך מיט מיר אויסגענומען אַ תּנאַי, אַז איך זאָל זיך לאַנג נישט אויפֿהאַלטן. זיי האָבן דאָך מיך בלויז אַרײַנגעלאָזן אַלס אַ טוריסט. וואָלט איך געזאָגט, אַז איך פֿאָר אין ארץ־ישׂראל זיך דאָרט צו באַזעצן, וואָלט מען מיך אינגאַנצן נישט אַרײַנגעלאָזן

ווייל דער באַפֿעל פֿון העכבערט סעמיועל, דעם „נציב העליון" (הײַ קאָמישיאָנער) פֿון ארץ-ישראל, נישט אַריינצולאָזן קיינע ייִדי-שע אימיגראַנטן אין ארץ-ישראל איז דאַן גאַנץ שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן. היינט, אַז איך בין אַזאַ אָנשטענדיקער מענטש און האַלט וואָרט און פֿאָר צוריק, ווי איך האָב פֿאַרשפּראָכן, טאָ וואָרום זאָל איך נאָך דאַרפֿן בעטן ספּעציעלע דערלויבענישן פֿאַר דעם צוועק און נאָך צוצאָלן געלט דערפֿאַר? נאָר די פֿאָר דאָלאַר האָט מיר שוין נישט געאַרט. איך האָב מיך שוין איינגעווינט אין ארץ-ישראל צו צאָלן אפֿילו פֿאַר וואָס עס קומט נישט. עס איז שוין אַזאַ מדינה ווו מען נעמט. איך האָב אָבער קיין גרויסן חשק נישט געהאַט וויי-דער צו גיין טרעפֿן מיט די מלוכה-מענטשן אין יאַפֿע, ווו איך האָב עס געדאַרפֿט די דערלויבעניש קריגן. איך האָב געהאַט אַ געוויסן גרונט דערפֿאַר און אָט פֿאַרוואָס: ווען איך בין געווען אין תל-אביב דאָס ערשטע מאָל, אַהין פֿאַרנדיק, איז צו מיר אין האָטעל געקומען אַ ייִדישער יונגער מאַן, אַן אַמעריקאַנער און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיין פֿאָרזיכטיק. ער איז גראָד געווען מיט אַ פּאָר שעה צוריק אין דער פּאָליציי אין יאַפֿע און ער האָט צופֿע-ליק געהערט, ווי מען איז דאָרטן מזכיר מיין נאָמען און גאָרנישט צום גוטן. מען האָט דאָרטן גערעדט וועגן דעם, אַז עס איז אָנ-געקומען אַ באָלשעוויק און אַז מען דאַרף האַלטן אַן אויג אויף אים. עס איז גראָד געווען נישט לאַנג נאָכן יאַפֿער פּאָגראָם, ווען הער-בערט סעמיועל האָט אין ארץ-ישראל געמאַכט אַ געשעג אויף „ריי-מע". איז מיר דער ענין נישט געפֿעלן געוואָרן און איך האָב גע-זאָגט, אַז מוסר נפֿש זיין זיך פֿאַר תל אָביב בין איך נישט מחויב און איך קאָן אַוועקפֿאָרן אַ ביסל ווייטער פֿון די אויגן פֿון יאַפֿער פּאָליציי. תל-אביב איז טאַקע אַ שיין שטעטל, אָבער וואָס צו ווייזן דאָרטן האָב איך נישט. און אויף מאָרגן בין איך טאַקע אַוועקגע-פֿאָרן. געוויס איז דאָס נישט געווען העלדיש פֿון מיר און אויך נישט איינגאַנצן פּראַקטיש. עס וואָלט געווים געווען העלדישער פֿון מיר, ווען איך גיי אַוועק אין דער פּאָליציי און זאָג, אַז איך בין אַ געפֿערלעכער באָלשעוויק און אָט נעמט מיך און אַרעסטירט מיך. און דאָס וואָלט אויך געווען פּראַקטיש. ווען מען אַרעסטירט מיך.

וואָלט געווען אַ כענבאַציע. מען וואָלט וועגן מיר געערדט און גע־שריבן און איך וואָלט געוואָרן אַ באַריהמטער מענטש, וועלכן מען וואָלט שפּעטער געלאָפן אָנקוקן אויף חידושים. נאָר איך האָב מוחל געווען דעם כבוד און איך בין אַוועקגעפאָרן. איצט אָבער מוז איך גיין צו דער מלוכה אין יאַפּע און בעטן אַן ערלויבעניש אַרויסצו־פאָרן און דער גוטער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי, אויב זיי האָבן עפּעס דאָרטן נישט באַקומען אַ שטיקל כתיבה אויף מיר אין פּאָליציי. נאָר ווי זאָגט מען: שרעק האָט גרויסע אויגן און זעט זאכן, וואָס זענען נישטאָ. איך בין געגאַנגען, באַצאָלט די פּאָר דאָלאַר, אויס־געפילט עפּעס אַ לאַנגע מגילה, ווו איך האָב געדאַרפט אָנגעבן וועגן זיך אַזעלכע איינצלהייטן, וועלכע איך ווייס זיי אַליין נישט, און איך האָב געקראָגן אויף מיין פּאַס אַ דריי־שפּראַכיקן שטעמפּל, אַז איך מעג אַרויספאָרן פון „מיין" לאַנד. איך האָב טאַקע נישט געזאַרט. איך האָב איינגעפּאַקט מיין ביסל זאַכן און בין אויף מאָרגן אין דער פרי שוין געזעסן אין אַ צוג, וואָס פאָרט קיין קאַנטאַרע.

———

וואָס גיכער צוריק אַהיים—דאָס איז געווען מיין שטאַרקסטער ווונטש, ווען איך האָב זיך געזעצט אין וואַגאָן. איך האָב איינפאַך געציילט די מינוטן, ווען איך וועל זיך שוין קאָנען זעצן אויף אַ שיף אין אַלעקסאַנדריע צו פאָרן פון דאָרטן אין איטאַליען. דאָס איז געווען נישט אַזוי אַ בענקעניש אַהיים, ווי אַ פאַרלאַנג זיך וואָס גיכער אַרויסצוזייסן פון דעם אָריענט, אין וועלכן איך האָב מיך געפילט אַזוי פרעמד, און וועלכער איז מיר אַזוי איבערדריסיק גע־וואָרן.

קומענדיק נאָענט צו קאַנטאַרע האָבן זיך אין וואַגאָן באַוויזן עגיפּטישע קאַראַנטין־באַאַמטע, וועלכע האָבן געוואָלט אויסגעפינען ביי מיר, אויב איך פיר נישט מיט אַ וועלכע עס איז קראַנקהייט פון ארץ־ישראל. זיי האָבן מיר אויסגערעכנט עפּעס אַ גאַנצן צעטל פון חולאתן, וואָס מען קאָן מיטפירן פון ארץ־ישראל, און אַרום־קוקנדיק מיך פון אַלע זייטן, האָבן זיי מיר אַרויסגעגעבן אַ צעטל, אַז איך בין בקו הבריאה און קאָן פאָרן ווייטער. בין איך פאַרטיק מיט אין קאַראַנטין. איז אָבער איין קאַראַנטין ווייניק. אויף דער אַנדערער זייט פון גרענעץ מוז מען דורכגיין אַ צווייטע קאַראַנטין,

וואָס איז?—מען דאַרף וויסן, צי איך פאָר נישט פון פּאָרט סאַיד און אויב איך האָב נישט מיטגעבראַכט קיין כאָלערע מיט זיך, ווײַל דאָרטן בושעוועט כאָלערע. באַווײַז איך, אַז איך פאָר נישט פון פּאָרט סאַיד, און עס איז דעריבער גישטאָ קיין מורא, אַז איך זאָל ווי עס איז מיט זיך פאַרשלעפּן אַ כאָלערע. גיט מען מיר אַ נײַעם צעטל, אַז איך קאָן פאָרן ווײַטער. מיר ווערט אָבער שטאַרק אומהײמלעך אויפן האַרצן. עפּעס פיל איך מיר, ווי איך וואָלט אַרײַנגעפאַלן אין אַ פאַרפּעסטעטן אָרט, ווו איך בין אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט פאַרשידענע מגפות, און עס ווערט מיר נאָך אומהײמלעכער, ווען זיצנדיק אין וואַגאָן, רעד איך זיך פאַנאַנדער מיט אַ פּאָר פּאַסאַזשירן און זיי דערציילן מיר, אַז אין אַלעקסאַנד־ריע הערשט די פּלאָג און אַז איך וועל דעריבער דאַרפן האָבן אַ ספּעציעלע קאַראַנטין בײַם אַרויסגיין אויפן שיף. וואָס פּאָרט פון דאָרטן אין ברינדיזי, איטאַליען, מער ווי די פּלאָג פעלט מיר נישט צום רומל! אין ירושלים טיפוס, אין עמק הירדן מאַלאַריע און אין אַלעקסאַנדריע פּלאָג, וואָס קומט אַלזאָ ווײַטער? מען דאַרף וואָס שנעלער אַנטלויפן פון אָט דער געבענטשטער געגנט, באַשליס איך בײַ זיך, און ווי איך קום נאָר אין אַלעקסאַנדריע, זעץ איך זיך אויף דער ערשטער שיף, וואָס איך טרעף דאָרטן אין האַפן און פאָר דעמזעלביקן טאָג אַוועק. איך בין גרייט צו פאָרן צווישן־דעק אפילו, אויב איך קריג נישט קיין קאַיוטע, אַבי נאָר אַוועקפאָרן וואָס שנעלער. און אַזוי האָב איך אויך געטאָן.

———

זיצנדיק אויפן שיף האָב איך מיר אָנגעהויבן פילן רויִקער. ענדלעך פאָר איך דאָך אַרויס פון דעם פאַרפּעסטעטן ווינקל, וועלכער האָט מיר אַזוי דערעסן און איך וועל באַלד זײַן צוריק אין וועלכן עס איז ציוויליזירט לאַנד. און זיצנדיק אויפן שיף אַ רויִקער, האָב איך מיר גענומען אונטערציִען דעם סך־הכל פון מײַן ארץ־ישׂראלדיקער רײַזע.

אַז אין ארץ־ישׂראל איז ביז איצט, זינט דער באַלפור־דעקלאַראַציע, זייער ווייניק געשאַפן געוואָרן, דאָס גיבן צו די ציוניסטן אַליין. פּלענער זענען געמאַכט געוואָרן אַ סך, און גרויסע זייער

גרויסע פלענער, אָבער זייער ווייניק ממשותדיקע אַרבעט. געלט האָט מען אויך אויסגעגעבן, און טאַקע אַ סך געלט, אָבער קיינער קאָן נישט זאָגן וואָס איז פאַר דעם געלט געשאַפן געוואָרן. איז עס אָבער די שולד פון די ציוניסטן. וואָס אַזוי ווייניק איז אויפגעטאָן געוואָרן?—ניין, עס איז נישט זייער שולד. זיי, די ציוניסטן האָבן זיבער געוואָלט אויפטון וואָס מער, זיי האָבן אָבער נישט געקאָנט. און זיי האָבן עס נישט געקאָנט נישט צוליב דעם, וואָס זיי האָט געפעלט די פעיקייט אויפצוטון, נאָר ווייל די באַדינגונגען פון לאַנד, סיי די עקאָנאָמישע, סיי די פּאָליטישע זענען אַזעלכע, דאָס מען קאָן קיין זאַך נישט אויפטון. און נישט קאָנענדיק עפּעס ממשותדיקס אויפטון, האָבן די ציוניסטן זיך אַליין גענאַרט מיט אויספאַרטיקן פאַרשידענע פלענער און האָבן ווענן זיי געטרומייטערט, פאַר דער עולם זאָל מיינען, אַז מען טוט עפּעס, אַז מען איז שטאַרק באַשעפטיקט. האָט מען געפויקט און געטרומייטערט וועגן רוטענבערגס פּלאַן אויסצונוצן דאָס שטראָמיקע וואַסער פון ירדן פאַר דעם צוועק צו „לעקטריפיצירן ארץ־ישראל. און מען האָט ווענן דעם פלאַן גערעדט און געשריבן אין אַזאַ זיבערן טאָן, פונקט ווי ער וואָלט טאַקע שוין געהאַלטן אין פאַרווירקלעכט ווערן. דער אמת איז אָבער, אַז פאָרלויפיק איז דער גאַנצער פּלאַן נישט מער, ווי אַ פאַנטאַזיע. מען דאַרף האָבן אַ מינימום פון 25 מיליאָן דאָלאַר דורכצופירן רוטענבערגס פּלאַן, ווען די אַרבעט זאָל גיין אַזוי גלאַט ווי זי איז טעאָרעטיש אויסגערעכנט געוואָרן. ווען אָבער עס גייט נישט אַזוי גלאַט, וועט די סומע פון קאָסטן מוזן באַדייטנד פאַרגרעסערט ווערן. אָבער אויך 25 מיליאָן דאָלאַר איז היינט אַ פאַנטאַסטישע סומע פאַר די ציוניסטן. דער איינציקער קוואַל, פון וואַנען די ציוניסטן קאָנען דערוואַרטן געלט, איז אַמעריקע. אָבער די אַמעריקאַנער יידן, וועלכע זענען אין דער צייט פון באַלפור־דעקלאַראַציע גאַנץ שטאַרק דערוואַרעמט געוועזן פאַר דער יידישער מלוכה אין פּאַלעסטינע און האָבן אַריינגעשטאָפּט די האַנט אין קעשענע, הגם נישט גאַנץ טיף, זענען איצט אינגאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן. דער גלויבן אין דער ציוניסטישער מלוכה איז פּשוט אָפּגעשטאָרבן געוואָרן ביי דעם גרויסן, ברייטן יידישן עולם אין אַמע־

ריקע. און רעדן היינט וועגן קריגן 25 מיליאָן דאָלאַר ביי די אַמעריקאַנער יידן פאַר רוטענבערגס פלאַן איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע. און אַז פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטן זאָלן געבן געלט צוליב פּראָפיטס איז נאָך פאַנטאַסטישער. די איצטיקע ארץ-ישראל, וואָס האָט נישט קיין אינדוסטרי און קיין פאַבריקאַציע, נויטיקט זיך נישט אין אַזעלכע גרויסע עלעקטרישע סטאַנציעס און אין אַזויפיל עלעקטרישער קראַפט, ווי רוטענבערג וויל עס שאַפן מיט זיין פלאַן. און אויב רוטענבערגס פלאַן וואָלט דורך וועלכן עס איז נישט וועג קריגן דעם נויטיקן קאַפּיטאַל, וואָס עס פאָדערט זיך פאַר זיין דורכפירונג, וואָלט עס געווען נישט מער ווי אַ פאַרשווענדונג פון געלט, ווייל עס וואָלט נישט געווען ווער עס זאָל די עלעקטרישע קראַפט אויסנוצן, און נאָכן קאַפּיטאַל, וואָס איז אין דער אונטערנעמונג אַריינגעלייגט געוואָרן, וואָלט די קראַפט געקאָסט צו טייער. אויפן בעסטן פאַל קאָן פאַלעסטינע בלויז רעכענען אויף אַ קליין-אינדוסטרי און פאַר די צוועקן פון קליין-אינדוסטרי איז פאַרציעלע קראַפט ביליקער, ווי צענטראַלע, נעמענדיק אין באַטראַכט די גרויסע סומע געלט, וואָס עס דאַרף אַריינגעלייגט ווערן אין דער שאַפונג פון צענטראַלער קראַפט, ווי רוטענבערג פלאַנט עס. און ווי טייער עס זאָל אין פאַלעסטינע נישט קאָסטן גאַזאָלין צו באַטרייבן גאַזאָלין-מאָטאָרן, וועט עס אַלץ קאָסטן פיל ביליקער, ווי רומענעבערגס ירדן-עלעקטריציטעט. און ווען די אַלקוהאָלן אין מעסאָפּאָטאַמיען זאָלן באַלד אָנהויבן עקספּלואַטירט ווערן (און זיי וועלן עס אויך, ווייל ענגלישער קאַפּיטאַל איז אין דעם פאַרינטערעסירט), וועט פאַר דער פאַלעסטינער קליין-אינדוסטרי, ווען זי זאָל זיך אָנהויבן אַנטוויקלען, געוויס זיין ביליקער צו נעברויכן ענגלישע אייל פון מעסאָפּאָטאַמיען פאַר קראַפט, איידער אַריינצולייגן אַזאַ ריזיקן קאַפּיטאַל אין רוטענבערגס פלאַן צו שאַפן עלעקטרישע קראַפט פון ירדן.

רוטענבערגס פלאַן האָט בלויז אַ גרויסן ווערט פון אַ ציוניסטישן שטאַנדפּונקט, אָבער נישט פון אַ קאָמערציעל-פינאַנציעלן. פון רוטענבערגס פלאַן גייט אַריין נישט בלויז די עלעקטריפיצירונג פון פאַלעסטינע, נאָר אויך איר באַוואַסערונג. ער וויל באַנוצן די

וואַסערן פון ירדן און פון כנרת צו באַוואַסערן באַדײַטנדיקע שטי־
קער לאַנד און דערמיט פאַרלײַכטערן די ייִדישע קאָלאָניזאַציע.
פון אַ ציוניסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס זײַער אַ וויכטיקע אונטער־
נעמונג. וויפיל די דורכפירונג פון פּלאַן זאָל נישט קאָסטן. פאַר
פּריוואַטן קאַפּיטאַל האָט דאָס אָבער גאָר קיין ווערט נישט. פּרי־
וואַטער קאַפּיטאַל זוכט פּראָפיטן, ער קאָן עס אָבער אין דער באַ־
וואַסערונג פון פּאַלעסטינע נישט געפינען.

אַ פּראַקטישע באַדײַטונג האָט דער טײל פון רוטענבערגס
פּלאַן אויסצונוצן דאָס וואַסער פון טײַכל האַדזשאַ צו שאַפן עלעק־
טרישע קראַפט פאַר יאַפע, תל־אביב, פּתח־תקוה און אומגעגנט.
דער דאָזיקער טייל פון רוטענבערגס פּלאַן איז נישט פאַרבונדן
מיט קיין איבעריקס גרויסע קאַפּיטאַלן און ער קאָן זיך שוין איצט
באַצאָלן.

און ווי ווייניק די ציוניסטן האָבן ביז איצט אויפגעטון אין
פּאַלעסטינע אויף דעם עקאָנאָמישן געביט, האָבן זיי נאָך ווייניקער
אויפגעטון אויף דעם נאַציאָנאַל־פּאָליטישן געביט.

פאַקטיש איז היינט פּאַלעסטינע נישט מער ווי אַן ענגליש־
אַראַבישע קאָלאָניע. און וואָס איז שייך צו נאַציאָנאַלע רעכטן,
האָבן די ייִדן אונטער באַלפורס דעקלאַראַציע נישט נאָר ווייניקער
נאַציאָנאַלע רעכטן, ווי די ייִדן אין ליטע, נאָר אפילו ווי אין דער
אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיטישער לאַטוויאַ. ווערן דאָך אפילו
אין לאַטוויאַ, שוין אָפּגערעדט פון ליטע, די ייִדישע שולן אויסגע־
האַלטן אויף דעם חשבון פון דער רעגירונג צוגלייך מיט די לאַט־
ווישע שולן. אמת, די ייִדישע שולן ווערן געקריוודעט, אָבער דער
פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז דאָך דורכגעפירט. אין
פּאַלעסטינע איז אָבער אפילו דער פּרינציפּ נישט דורכגעפירט גע־
וואָרן. דאָס בּיכל שולן און קולטורעלע אינסטיטוציעס, וואָס די
ייִדן אין פּאַלעסטינע פאַרמאָגן, ווערן אויסגעהאַלטן פון דער חלוקה,
צי פון דער אַלטער אָרטאָדאָקסישער, צי פון דער נײַער ציוניס־
טישער. געוווינען אין מאַכט פון באַלפורס ייִדישער „נאַציאָנאַלער
היים" האָבן בלויז די אָרטאָדאָקסישע רבנים, דורכדעם וואָס דער
רבנישער בית־דין האָט געקראָגן אַ געוויסע געזעצלעכע מאַכט.

די רבנים זענען דעריבער צופרידן, ווײַער כּח און ווײַער אײַנפלוס איז באדײַטנדיק פארשטארקט געווארן אין פּאלעסטינע. אָבער אויסער די רבנים זענען קײנער נישט צופרידן. די דיפּלאָמאטישע ציוניסטן זענען אומצופרידן אין דער שטיל. זײ האלטן פארביסן די צײן און שווײַגן. אָבער נישט אלע ציוניסטן האָבן זיך אויסגעלערנט צו זײַן דיפּלאָמאטן און צו שווײַגן. הערט איר דערי, בער אין פּאלעסטינע אויף שריט און טריט אן אויסדרוק פון גרויס אומצופרידנקײַט, פון שארפער קריטיק, וואָס דערגײט אזוי ווײַט, אז עס וואָלט שוין בעסער געווען, אז מען זאָל זיך אינגאנצן אָפּזאָגן פון דער באלפור־דעקלאראציע. ווארום קײן גוטס האָט זי פּאָרלויפיק נאָרנישט געבראכט. שלעכטס אָבער האָט זי געבראכט אַ סך. מען האָט מיט איר אויפגערײצט די אראבער און מען דארף כסדר זײַן אין שרעק, אז זײ זאָלן נישט מאכן פּאָגראָמען. און וואָס אָנגרײַפנדיקער די אראבער ווערן, אלץ מער אײַנפלוס קריגן זײ אויף דער רעגירונג. די ענגלישע אדמיניסטראציע פון פּאלעסטינע האָט קײן שום השק נישט זיך ארומצוטלאָגן מיט די אראבער צוליב דער באלפור־דעקלאראציע, זי וויל בעסער לעבן מיט זײ גוט. און טאָמער קריוודעט זי די יידן דורך איר גרויס פרײַנטשאפט צו די אראבער, איז עס אויך פארפאלן. עס איז נישט א פראגע פון יושר, נאָר פון באקוועמלעכקײַט. די יידן אין פּאלעסטינע קאָנען קײן זאך נישט טון, ווען זײ זענען נישט צופרידן. זײ קאָנען בלויז זײַן ברוגז און זאָגן, אז אויך בײַ דער ענגלישער רעגירונג קאָן מען קײן יושר נישט געפונען. די אראבער אָבער, ווען זײ זענען אומצופרידן קאָנען זײ אָנטון צרות. אמת, די ענגלישע רעגירונג קאָן שיקן געניג סאָלדאטן אין פּאלעסטינע צו האלטן די אראבער אונטער דעם אײַזערנעם קנאפּל. אָבער סאָלדאטן קאָסטן געלט. און די ענגלישע רעגירונג האט קײן שום חשק נישט צו פארגרעסערן די קאָסטן פון איר אדמיניסטראציע אין פּאלעסטינע. אין קעגנטײל, זי וויל זײ פארקלענערן.

———

מײַנער א יוגנט־פרײַנט, א ציוניסט, מיט וועלכן איך האָב אין אײן אוניווערזיטעט שטודירט, האָט מיך געבעטן, ווען איך

האָב זיך מיט אים געטראָפן אין אייראָפּע, אויף מיין רייזע אין ארץ־ישראל, אז איך זאל אים שרייבן פערזענלעך פון אלץ, וואָס איך האָב אויסגעפינען אין דעם הייליקן לאנד. ער וויל, אז איך זאָל אים שרייבן דעם אמת, ווי ביטער עס זאָל ניט זיין. איך האָב אים פאַרשפּראָכן און געהאַלטן וואָרט. איך האָב אים אָנגע־שריבן אַ בריוו און גענומען אַ פעליעטאָן, וואָס איך האָב צופעליק באַקומען אויף מיין רייזע, אריינגעשריבן אין אים עטלעכע מיינע אייגענע פסוקים, אַ ביסל אים צוגעפוצט און אים אַוועקגעשיקט. אָט איז ער:

„ווי גרויס פּאַלעסטינע איז, ווייס קיינער ניט, ווייל מען האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט געקאָנט מושוה ווערן וואָס עס איז יאָ פּאַלעסטינע און וואָס ניט. עס איז אָבער זיכער, אַז ווען מען זאָל אין די גרענעצן פון פּאַלעסטינע אריינגעמען סיריע, מעָ־סאָפּאָטאַמיע, העדזשאַס און עגיפּטן וואָלט זי געווען אַ גאַנץ גרוי־סע מדינה.

די פּאַלעסטינע, וועלכע איך האָב באַזוכט, האָט געאָגראַ־פיש דאָס אויסזען ווי אַ ווייניק געבויגענער שופר. ווו די הויפּט־שטאָדט פון פּאַלעסטינע געפינט זיך איז ניט זיכער. פריער איז עס געווען לאָנדאָן, איצטער אָבער, זאָגט מען, איז ניו־יאָרק.

מיט אַ סך יאָרן צוריק איידער רוטענבערג האָט נאָך אויס־געאַרבעט זיין עלעקטראָפיצירונגס־פּלאַן, איז פּאַלעסטינע געווען אַ לאַנד, וואָס האָט געשטראָמט מיט מילך און האָניג, אָבער צוליב די גרויסע היצן, וואָס עקזיסטירן דאָרטן, איז די מילך זויער גע־וואָרן און די האָניג איז אויסגעטריקנט געוואָרן. דאָס וואַסער אין ים המלח איז אָבער ביז היינט געבליבן געזאַלצן, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס קיין הערינג זענען אין אים ניטאָ.

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז רוסלאַנד איז אַ לאַנד, ווו עס איז לייכט אַריינצוקומען, אָבער שווער אַרויס־צוקומען. פּאַלעסטינע איז גראָד דער היפוך. עס איז שווער אין איר אַריינצוקומען, אָבער לייכט פון איר אַרויסצוקומען, און דע־ריבער פאָרן פון איר אַרויס מער ייִדן, ווי עס קומען אין איר אַריין.

פאַלעסטינע צײכנט זיך אױס פון אַלע אַנדערע לענדער אױף דער װעלט, װאָס זי איז דאָס אײנציקע לאַנד, װוּ עס זענען כמעט קײן ייִדן גישטאָ. עס זענען דאָרטן פאַראַן בלױז ציוניסטן, אשכנזים־ספרדים, פּועלי־ציון און חלוצים.

די באַפעלקערונג אין פאַלעסטינע איז אין אַלגעמײן אַ געמישטע, אָדער װי מען דאַרף עס זאָגן אױפן ייִדישן יידיש אַ צומישטע. און מער צומישט פון אַלעמען זענען דאָרטן די פּועלי־ציון.

די הױפּט־באַשעפטיקונג אין פאַלעסטינע איז חלוקה. פאַראַן דאָרטן פאַרשידענע מינים חלוקות — די אַלטע חלוקה פון דעם אַלטן ישוב, װאָס מען קלױבט אין די אַלטמאָדישע ארץ־ישראל־פּושקעס; די אַלט־נײַע חלוקה ספּעציעל פאַר קאָלאָניסטן, פון באַראָן ראָטשילד און איק"אַ; די נײַע חלוקה פון די ציוניסטן; די חלוקה פון דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע און אַ רײ אַנדערע מינים חלוקות.

די הױפּט־אינדוסטרי פון פאַלעסטינע באַשטײט פון פּראָדוצירן געבעט־בריװ און הילפס־אױפרופן.

דער הױפּט־עקספּאָרט פון פאַלעסטינע באַשטײט פון װײַסע ארץ־ישראל־ערד פאַר די מתים אין די גלות־לענדער.

דער הױפּט־אימפּאָרט אין ארץ־ישראל באַשטײט פון לוקסוס־זאַכן, װי ברױט, פלײש, צוקער, פּוטער, קעז, לעדער, קלײדער־שטאָף, האָלץ, קױלן, אײַזן א. א. װ. אין אַלגעמײן קאָן מען אימפּאָרטירן אין פאַלעסטינע אַלץ, װאָס הױבט זיך אָן מיט אַן „א", װי אַ שוך, אַ קלײד, אַ היטל, אַ טעפּל, אַ לעפל, אַ מעסער, אַ לעבל ברױט א. אַז. װ. דער גאַנגבאַרסטער אימפּאָרטירטער אַרטיקל אָבער אין פאַלעסטינע איז דער אַמעריקאַנער דאָלאַר פון „דזשאָינט" און פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

פאַלעסטינע צײכנט זיך אױס מיט איר געזונטן קלימאַט. אױסער מאַלאַריע, טראַכאָמע און נאָך אַ פּאָר קראַנקהײטן, װעלכע זענען עפּידעמיש, זענען די אַנדערע קראַנקהײטן, װי טיפוס, דיזענטעריע און אַנדערע, דאָרטן ניט מער פאַרשפּרײט װי אין די אַרומיקע לענדער.

פּאַלעסטינע צייכנט זיך אויס מיט אירע וואַסערן. אויסער וואָס זי האָט גענוג וואַסער פאַר רוטענבערגס פּלאַן, האָט זי אויך גענוג זאַלץ־וואַסער אין ים המלח און הייסע קוואַל־וואַסער אין חמי טבריה. ווען די אייער, וואָס מען ברענגט אין פּאַלעסטינע פון ענגלאַנד וואָלטן נישט געווען אזעלכע אַלטע, וואָלטן אייער אין פּאַלעסטינע געווען אַ גאַנץ באַקוועמע אכילה. מען וואָלט זיי גע־קאָנט אָפּקאָכן אין די קוואַל־וואַסער פון חמי טבריה און זיי עסן מיט די זאַלץ־וואַסער פון ים המלח. עס פעלט בלויז טרינק־וואַסער אין פּאַלעסטינע. אָבער מען קאָן ברענגען ביר און סאָדע־וואַסער פון ענגלאַנד.

פּאַלעסטינע איז אַ לאַנד, וואָס איז רייך אין פאַרשידענע שפּייזן פאַר טוריסטן. איר קאָנט דאָרטן קריגן אפילו ענגלישע ביפשטיק, אַמאָל אונטער דער טערקישער הערשאַפט איז פּאַלעס־טינע געווען גאַנץ אָרעם אין שפּייזן. איצט אָבער, ווען מען ברענגט אַלע שפּייזן פון ענגלאַנד, קאָן מען פאַר געלט אין פּאַ־לעסטינע קריגן די פאַרשידנסטע שפּייזן, וואָס איינעם קאָן זיך פאַרגלוסטן.

ציגן זענען נאָך אין ארץ־ישראל פאַראַן, אָבער די באָקסערן פון די ביימער האָבן זיי שוין לאַנג אויפגעגעסן. איך בין דערי־בער חושד, אַז די באָקסערן, וואָס מען פאַרקויפט אין ריווינגטאָן סטריט חמשה עשר בשבט האָבן געפּוצט וואַקסן ערגעץ אַנדערש־וו, ווי אין ארץ־ישראל. אויב מען מאַכט זיי נישט אין ניו־יאָרק גופא.

פּאַלעסטינע האָט פאַרשידענע זעענס־ווערטיקייטן, וואָס קיין לאַנד האָט עס נישט. איר קאָנט דאָרטן זען אַ וואַלד אָן ביימער (יער הערצל); אַ קאָאָפּעראַטיוו פון יידישע פיש־פאַנגער אָן יידן און אָן פיש־פאַנגער; אַ קאָלאָניע אָן ערד און אָן קאָלאָניסטן; אַ יידישער אוניווערסיטעט, וועלכער באַשטייט פון איין שטיין (נישט פּראָפעסאָר איינשטיין, נאָר אַ פּשוטער ווינקלשטיין) און צום סוף אַ יידישע מלוכה אָן יידן און אָן אַ מלוכה.

איך ווייס נישט ווי מיין פריינט איז צופרידן געווען פון מיין בריוו. ער האָט אפשר געטראַכט, אַז איך מאַך ליצנות און

ער האָט דעריבער נישט געפילט אַזוי שטאַרק די ביטערקייט פון
דעם פיל, וואָס איך האָב אים אײַנגעגעבן, אָבער אין גרונט גע־
נומען האָב איך אים קיין אַנדער אמת פון ארץ־ישראל נישט גע־
קאָנט שרײַבן, ווען איך וואָלט אפילו אין מײַן בריוו אָנגענומען
אַ שטרענגי ערנסטן טאָן. עס וואָלט געווען דאָסזעלביקע בילד.

---

# וואָס קאָן פּאַלעסטינע געבן דעם יידישן פאָלק?

דער פולער ערנסט פון דער לאַגע איז, אַז דאָס ייִדישע פאָלק קאָן אין פּאַלעסטינע נישט געפינען קיין ענטפער אויף קיין איינציקע פון זיינע אָנגעווייטיקטע פראַגן.

דער ציוניזם זוכט אין פּאַלעסטינע אַן ענטפער אויף אַ גאַנצע ריי יידישע פראַגן. ער וויל דורך פּאַלעסטינע לייזן די יידישע עקאָנאָמישע פראַגע, די קולטורעלע פראַגע, די פּאָליטישע, די אַנטיסעמיטישע א. אז. וו.

וואָס זאָגט אָבער די ווירקלעכקייט פון פּאַלעסטינע? פריער ווי אַלץ זאָגט זי, אַז בלויז ווייניקע פאַנטאַזיאָרן קאָנען אין פּאַלעסטינע זוכן אַן ענטפער אויף דער יידישער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער פראַגע. וואָרום אין בעסטן פאַל און אונטער די בעסטע אומשטענדן, דאָס הייסט ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל קאָנען שאַפן געלט גענוג און זאָל קאָנען פועלן ביי דער ענגלישער רעגירונג, אַז די גרענעצן פון פּאַלעסטינע זאָלן זיין אָפן פאַר ייִדישער אימיגראַציע, קאָן פּאַלעסטינע אַריינעמען אַ גאַנץ באַשרענקטע צאָל יידן.

די איצטיקע פּאַלעסטינע, וועלכע געפינט זיך אונטער דעם ענגלישן מאַנדאַט, האָט אַ שטח פון קנאַפּע ניין טויזנט קוואַדראַט מייַלן. עס איז אַ גאַנץ קליינטשיקע מדינהלע, עטוואָס מער ווי אַ העלפט די גרויס פון דער קליינער שווייץ (דער שטח פון שווייץ איז 16 טויזנט קוואַדראַט מייַלן). די איצטיקע באַפעלקערונג פון פּאַלעסטינע איז אַרום 7 הונדערט 70 טויזנט. דערפון זענען 600 טויזנט מוסולמאַנישע אַראַבער; עטלעכע און 80 טויזנט קריסטלעכע אַראַבער; 80 טויזנט יידן און עטלעכע טויזנט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. פאַר אַזאַ קליינע מדינהלע איז דאָס אַ גאַנץ באַדייטנדיקע באַפעלקערונג. דער שטאַט ניו־העמשיר איז די פאַרניי־

ניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. וועלכער איז מיט עטלעכע הונדערט קוואַדראַט מײַל גרעסער ווי די איצטיקע פּאַלעסטינע, האָט אַ סך קלענערע באַפעלקערונג ווי פּאַלעסטינע. די באַפעלקערונג פון ניו-העמשיר איז קנאַפּע 450 טויזנט, און קיינעם וועט נישט אײַנ-פאַלן צו זאָגן, אַז ניו-העמשיר איז אַן אומבאַזעצט לאַנד. און ווען מען זאָל אפילו נעמען די נעבענטשטע שווייץ פאַר אַ בײַשפּיל, אַזאַ ענגע פון די קולטיווירטעסטע און פּרוכטבאַרסטע לענדער, האָט זי אויך אַ באַפעלקערונג פון בלויז עטוואָס מער ווי דרײַ אַ האַלב מיליאָן. עס הייסט, אַז ווען פּאַלעסטינע זאָל אפילו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזאַ פּרוכטבאַר און קולטיווירט לאַנד ווי שווייץ, וואָלט איר באַפעלקערונג לויט איר גרויס און פאַרגלײַך מיט שווייץ, גע-קאָנט זײַן אַ מיליאָן מיט 9 הונדערט טויזנט.

לאָמיר זיך, אַלזאָ, פאָרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע, אַז אַלע נאַקעטע, שטיינערנע בערג פון ארץ-ישראל וועלן דורך אַ וווּנדער באַוואַקסן ווערן מיט גראָז און מיט ביימער ווי די בערג אין דער שווייץ. לאָמיר זיך אויך פאָרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע, אַז די פאַרטריקנטע ערד פון ארץ-ישראל וועט גענעצט ווערן פונקט אַזוי פּרוכטבאַר ווי די ערד אין דער שווייץ, און לאָמיר זיך פאָר-שטעלן, אַז ארץ-ישראל וועט פון גרענעץ ביז גרענעץ פונקט אַזוי קולטיווירט ווערן ווי די שווייץ. עס וועלן אויסגעטריקנט ווערן די זומפּן און עס וועט דערמיט פאַרטריבן ווערן די מאַלאַריע-קראַנק-הייט פון ארץ-ישראל. מען וועט אויסגעפינען אַ מיטל ווי צו באַ-וואָרגן דאָס לאַנד מיט גוטע טרינק-וואַסער און דערמיט וועלן אַנ-דערע קראַנקהייטן פאַרטריבן ווערן, אין קורצן, ארץ-ישראל וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צווייטע שווייץ. דאַרף מען האָבן אַ שענ-נערע פאַנטאַזיע? קאָן אָבער אויך דאַן ארץ-ישראל אין פאַרגלײַך מיט דער שווייץ, האָבן אַ באַפעלקערונג נישט מער ווי אַ מיליאָן מיט 9 הונדערט טויזנט.

נו, דאָס וואָלט גאָרנישט געווען אַזוי שלעכט. עס הייסט, אַז עס וואָלט געווען פּלאַץ פאַר נאָך אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט מענטשן. און ווען אָט די מענטשן זאָלן זײַן אַלע יידן, וואָלט ארץ-ישראל ווירקלעך געוואָרן אַ יידיש לאַנד. אָבער צו

דעם װוּנדער, אַז פּאַלעסטינע זאָל װערן אַ צװײטע שװײץ, װאָס קאָן אַרײַננעמען נאָך צװעלף הונדערט טױזנט מענטשן, דאַרף פּאַסירן נאָך אַ צװײטער גרױסער װוּנדער, די אַראַבישע באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינע דאַרף צום גונסטן פֿון די ייִדן באַשליסן, אַז זי זאָל זיך נישט פֿאַרמערן. װאָרום אױב זײ באַשליסן עס נישט, װעט דער נאַטירלעכער צװאַקס פֿון דער איצטיקער זיבן הונדערט טױזנטיקער אַראַבישער באַפֿעלקערונג אין עטלעכע צענדליק יאָר, אײדער מען װעט נאָך צײַט האָבן צו פֿאַרװאַנדלען ארץ-ישׂראל אין אַ צװײטע געבענטשטע שװײץ, צושטעלן נײַע 7 הונדערט טױזנט אַראַבער, און אַ חוץ דעם נאַטירלעכן צװאַקס פֿון די פּאַלעסטינער אַראַבער זענען פֿאַראַן אַ סך אַראַבער אַרום פּאַלעסטינע, װעלכע װעלן האָבן חשק זיך צו באַזעצן אין אַזאַ װױל לאַנד. װאָס האָט פֿון דאָס נײַ אָנגעהױבן צו רינען מיט מילך און מיט האָניק. דער קיצור איז, אַז אַפֿילו אַ שװײצאַרישע פּאַלעסטינע װעט זײַן אַראַביש און נישט ייִדיש.

און לײגט מען אַװעק די פֿאַנטאַזיע װעגן אַ שװײצאַרישע פּאַלעסטינע אָן אַ זײַט און מען טראַכט װעגן דער װירקלעכקײט װערט עס נאָך טרױעריקער. פֿאַנטאַזירן קאָן מען װעגן פֿאַרשידענע זאַכן. און אױב שױן יאָ זיך אַװעקלאָזן אױף די פֿליגלען פֿון דער פֿאַנטאַזיע, איז שױן גלײַכער צו פֿאַנטאַזירן װעגן די װוּנדערלעכע נסים, אין װעלכע אונזערע זײדעס האָבן געגלױבט, װאָס גאָט װעט ברענגען װען עס װעט קומען די צײַט אומצוקערן די ייִדן אין ארץ-ישׂראל. מען װעט גײן אױף פּאַפּירענע בריקן זיכערער, װי אױף אײַזערנע. דאָס לאַנד פֿון ארץ-ישׂראל װעט זיך אױסציִען, װי אַ פֿעל פֿון אַ הירש. און װעט װערן אַ ריזיק גרױסע מדינה, און אױף די בײמער פֿון ארץ-ישׂראל װעלן װאַקסן געבראָטענע טױבן און מען װעט אַפֿילו זיך נישט דאַרפֿן מטריח זײַן זײ אַראָפּצונעמען פֿון דאָרטן. נאָר זײ װעלן פֿליִען גלײַך אין מױל אַרײַן.

געװיסע טײלן פֿון פּאַלעסטינע קאָנען קולטיװירט װערן און געמאַכט װערן פֿרוכטבאַר. מען דאַרף בלױז נישט זשאַלעװען קײן געלט און קײן אַרבעט, אָבער פֿאַרװאַנדלען פּאַלעסטינע אין אַ

צווייטע שווייץ קאָן מען נישט. עס איז נישט דער באָדן אין גושם דער קלימאַט. קיין איבעריקס געדיכטע באַפעלקערונג קאָן פאַלעסטינע אַלזאָ נישט האָבן. און וואָס איז שייך צו יידן איז דער שטח פון לאַנד, וואָס קאָן פון זיי שוין אפילו קולטיווירט ווערן, אונטער גרויסע קאָסטן, אַ גאַנץ באַשרענקטער. די בעסערע טיילן פון לאַנד זענען באַזעצט פון אַראַבער.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אויסער ערד-אַרבעט קאָנען אין פאַלעסטינע אויך זיין אַנדערע באַשעפטיקונגען. אויסער וואָס דאָרטן זענען נייטיק פאַרשידענע בעלי-מלאכות, קאָן מען דאָרטן אויך אַנטוויקלען פאַרשידענע אינדוסטריען. עקזיסטירן אָבער פאַר דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריען אין פאַלעסטינע געוויסע שוועריקייטן. די ערשטע שוועריקייט איז אַ נאַטירלעכע. פאַלעסטינע האָט נישט קיין אייזן, ווי אויך קיינע אַנדערע מעטאַלן. איך דערמאָן דאָ נישט קיין קוילן, ווייל אויף די פראַגע פון קוילן איז פאַראַן אַ פּאַרטיקער ענטפער: רוטענבערגס וואַסער-קראַפט. די דאָזיקע וואַסער-קראַפט וועט שוין שאַפן עלעקטריציטעט צו באַטרייבן די פאַבריקן, אַז מען וועט נישט דאַרפן קיין קוילן. אָבער צו אייזן קאָן שוין אפילו רוטענבערגס וואַסער-קראַפט נישט העלפן. אייזן איז אַ הויפּט-יסוד פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַן אינדוסטריע. פון אייזן מאַכט מען מאַשינען און געצייג, אָן וועלכע קיין אינדוסטריע קאָן זיך נישט שאַפן. עס פעלן אויך אַ סך אַנדערע רוי-מאַטעריאַלן אין פאַלעסטינע פאַר דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריען. מען דאַרף זיי ברענגען פון אַנדערע לענדער. עס איז אַלזאָ אַ פראַגע פון קאָנקורענץ. אויב פאַלעסטינע דאַרף קויפן מאַשינען, געצייג און רוי-מאַטעריאַלן אין אַנדערע לענדער, דאַן איז אַ פראַגע אויב זי וועט קאָנען קאָנקורירן מיט די לענדער, וועלכע האָבן זייערע אייגענע מאַשינען און רוי-מאַטעריאַלן. די צווייטע שוועריקייט איז ענגלאַנד. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז פאַלעסטינע איז אַן ענגלישע קאָלאָניע. די ענגלענדער טוען קיין זאַך נישט פון מצוה וועגן. זיי זענען זיך נישט געגאַנגען שלאָגן מיטן טערק כדי צו באַזאָרגן די יידן מיט אַ נאַציאָנאַלער היים. זיי האָבן

אויפֿגעלייגט אויף פּאַלעסטינע צענדליקער טויזנטער מענטשן־לעבנס און צענדליקער מיליאָנען פֿונטן געלט נישט צו פֿאַרריכטן אַן אַמאָליקע היסטאָרישע אומגערעכטיקייט, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן דעם ייִדישן פֿאָלק, נאָר צו פֿאַרריכטן אַ היינטיקע אימפּעריאַליסטישע ניצלעכקייט פֿאַר ענגלאַנד. אמת, די אימפּעריאַליסטישע ניצלעכקייט פֿון אייננעמען פּאַלעסטינע איז הויפּטזעכלעך פֿון אַ פּאָליטישן און מיליטערישן כאַראַקטער. פּאַלעסטינע איז נויטיק פֿאַר ענגלאַנד צו באַשיצן און קאָנטראָלירן דעם סועץ־קאַנאַל. דאָס קאָן מען זען און פֿאַרשטיין באַזונדערס קלאָר און דייטלעך, ווען מען פֿירט פֿון עגיפּטן איבער קאַנטאַרע אין פּאַלעסטינע און מען פֿאָרט אַריבער דעם סועץ־קאַנאַל. זייענדיק אויפֿן אָרט און זעענדיק דעם סועץ־קאַנאַל און די גאַנצע געגנט אַרום מיט די אייגענע אויגן, באַגרייפֿט מען עס אַ סך בעסער און קלערער, ווי שטודירנדיק עס פֿון דער געאָגראַפֿישער קאַרטע. נישט זייענדיק מער זיכער מיט עגיפּטן, מוז ענגלאַנד האָבן פּאַלעסטינע צו באַשיצן דעם סועץ־קאַנאַל. אָבער ווען ענגלאַנד איז שוין אין פּאַלעסטינע, וויל זי אַרויסשלאָגן פֿון איר אַזויפֿיל עקאָנאָמישע נוצן ווי זי קאָן נאָר. און עס איז די אַלטע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פֿון ענגלאַנד נישט צו דערלאָזן קיין אַנטוויקלונג פֿון אינדוסטרי אין אירע קאָלאָניעס. אַן ענגלישע קאָלאָניע דאַרף בלויז צושטעלן רוי־מאַטעריאַלן פֿאַר ענגלאַנד. אָבער אַליין קיין זאַך נישט פֿאַבריצירן. פֿאַבריצירטע אַרטיקלען דאַרפֿן די קאָלאָניסטן קויפֿן פֿון ענגלאַנד, ווייל די קאָלאָניעס דאַרפֿן זיין דער מאַרק פֿאַר ענגלאַנד, אָפּצוזעצן אירע פֿאַבריקאַציעס.

דער קאַמף, וואָס עגיפּטן פֿירט קעגן ענגלאַנד איז טאַקע הויפּטזעכלעך קעגן דער דאָזיקער ענגלישער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. אין איר נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן איז עגיפּטן פֿולשטענדיק פֿריי. ענגלאַנד האָט נישט פּראָבירט אַפֿילו אַרויפֿצוצווינגען אויף די עגיפּטער איר שפּראַך און קולטור. דער קאַמף איז אַ ריין עקאָנאָמישער. ענגלאַנד דערלאָזט נישט, אַז אין עגיפּטן זאָל זיך אַנטוויקלען וועלכע עס איז באַדייטנדיקע אינדוסטרי.

אויסער די טאַבאַק-אינדוסטריע, טעפּערייַ און די היימישע אינדוסטריע פון קופּער-שמידעריי וועגן אין עגיפּטן כמעט קיין אַנדערע אינ־דוסטריען נישטאָ. עגיפּטן איז אַ לאַנד פון בוימוואָל, אָבער ענג־לאַנד האָט נישט דערלאָזן, אַז עס זאָל זיך אין עגיפּטן אַנטוויקלען אַ טעקסטיל-אינדוסטריע. דאָס רויע בוימוואָל ווערט פון עגיפּטן אַרויסגעפירט אין ענגלאַנד און דאָרטן ווערט עס געשפּינען און געוועבט.

עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, אַז ענגלאַנד זאָל אויך נישט דערלאָזן קיין אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע אין איר קאָלאָניע פּאַלעסטינע, וווּ זי האָט די פולשטענדיקע קאָנטראָל.

עס איז אמת, אַז די קליינע, אָרעמע פּאַלעסטינע איז אַ גאַנץ אומבאַדייטנדיקער מאַרק פאַר די פאַבריק-פּראָדוקטן פון ענגלאַנד. אָבער ווי זאָגט מען? וואָס עס קומט צו, קומט נישט אָפּ. ווען איר ווענט אין פּאַלעסטינע׳ וועט איר, אַז כמעט אַלץ, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין אַ פאַבריק קומט פון ענגלאַנד. די ווערטער „מייד אין ענגלאַנד“ וואַרפן זיך אייך אין די אויגן צו וואָס פאַר אַ פאַברי־קאַציע איר זאָלט זיך נישט צורירן.

און עס איז כאַראַקטעריסטיש, צו וואָס פאַר אַן אינדוסטריע איר זאָלט נישט וועלן אָנהייבן אין פּאַלעסטינע, ווי קליין זי זאָל נישט זיין, דאַרפט איר אויף איר האָבן אַן ערלויבניש פון דער ענגלישער אַדמיניסט־אַציע. און אָפט קומט די ערלויבניש נישט אָן אַזוי לייכט. דאָס ענגלישע קאָלאָניאַל-אַמט, ווי איר זעט, פירט אַ גאַנץ גענויען חשבון פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין פּאַלעסטינע, ווי קליין זי זאָל נישט זיין.

לויט איר צושטאַנד און באַדינגונגען קאָן אַליאָ פּאַלעסטינע נישט רעכענען אויף אַ גרויס-אינדוסטריע. אירע איינציקע האָפנונגען און מעגלעכקייטן מוזן זיך באַשרענקען אויף אַ קליין-אינדוסטריע אין במילא קאָן זי אויף אַ גרויסע אינדוסטריעלע אַרבעטער-באַפעלקע־רונג נישט רעכענען.

דער רעזולטאַט איז, אַז פאַר קיין געדיכטע באַפעלקערונג איז פּאַלעסטינע נישט צוגעפּאַסט, ווען אפילו די חיסטע און פּאַרלאָזע־נע גענגטן פון לאַנד זאָלן קולטיווירט ווערן און באַזעצט ווערן.

נאָר ווען מען זאָל אַפילו אָננעמען דעם בעסטן פאַל, אַז עטלעכע הונדערט טויזנט יידן זאָלן זיך קאָנען באַזעצן אין פּאַלעסטינע, וועט דאָס נאָך אַלץ נישט לייזן די עקאָנאָמישע פּראָבלעמע פון יידישן פאָלק—פון די 15 אָדער 16 מיליאָן יידן, וועלכע זענען היינט פאַראַן אין די גלות-לענדער און וועלכע פאַרמערן זיך פון יאָר צו יאָר. וואָרום אויב אַפילו הונדערט זאָלן געשען און פּאַלעסטינע זאָל קאָנען אַריינגעמען עטלעכע צענדליק טויזנט יידישע אימיגראַנטן אַ יאָר, וועט נאָך אַלץ די יידישע באַפעלקערונג אין די גלות-לענדער גרעסער ווערן מיט צוויי הונדערט טויזנט אַ יאָר. וואָרום אויב אַפילו דער נאַטירלעכער צוזואַקס פון יידישן פאָלק זאָל בלויז זיין אַנדערהאַלבן פּראָצענט אַ יאָר (ביז איצט איז דער צוזואַקס געווען העכער) וועט דאָס יידישע פאָלק זיך פאַרגרעסערן מיט נאָענט אַ פערטל מיליאָן אַ יאָר. אויב עס וועט זיך אַלזאָ אַפילו איינגעבן צו באַזעצן עטלעכע צענדליק טויזנט יידישע אימיגראַנטן אַ יאָר (פאַר דער איצטיקער צייט איז דאָס אַ פאַנטאַסטישע צאָל) וועט דאָס קיין שום ענדערונג נישט מאַכן אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די 15 אָדער 16 מיליאָניקן יידישן פאָלק.

און דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער עקאָנאָמישער פּראָבלעמע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן דער קולטורעלער פּראָבלעמע.

---

איך וויל נישט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז יידן אַסימילירן זיך אין די גלות-לענדער, הגם די אַלע ציוניסטישע ווי-געשרייען וועגן דער אַסימילאַציע זענען שטאַרק איבערטריבן. אַסימילאַציע איז אַ שווערער און לאַנגזאַמער פּראָצעס ביי אַלע פעלקער און גאַנץ באַזונדערס ביים יידישן פאָלק, ביי וועמען די רעליגיע קומט צו אַלס אַן עקסטרא שטערונג צו אַסימילאַציע. די רעליגיע האָט פאַרלוירן ביי יידן די שטאַרקע ווירקונג, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט, אָבער זי האָט נאָך גענוג ווירקונג נישט צו דערלאָזן געמישטע הייראַטן. דער פּראָצענט פון געמישטע הייראַטן איז מינימאַל קליין, אַפילו אין יענע יידישע שיכטן, וועלכע זענען שוין גאַנץ ווייט פון רעליגיע. און ווען מען רעדט וועגן אַסימילאַציע איז די גאַנצע שטע הייראַט אַ הויפּט-באַדינגונג.

אין דער אמת פֿאַרבײַט מען גאַנץ אָפֿט אַקלימאַטיזאַציע אויף אַסימילאַציע. ייִדן אַקלימאַטיזירן זיך גאַנץ שנעל, זיי פּאַסן זיך גאַנץ שנעל צו צו די אויסערלעכע באַדינגונגען און די אויסערלעכע מנהגים פֿון לאַנד. זיי אַמעריקאַניזירן זיך, אַנגליזירן זיך אָדער רוסיפֿיצירן זיך, וואָס דאָס מיינט, אַז אויסערלעך פּאַסן זיי זיך צו צו דעם פֿאָלק פֿון דעם לאַנד, צווישן וועלכן זיי לעבן, אָבער זיי אַסימילירן זיך נישט, זיי פֿאַרשמעלצן זיך נישט מיט אים. אַקלימאַטיזאַציע איז אַן אויסערלעכער פּראָצעס, בעת אַסימילאַציע איז אַן אינערלעכער פּראָצעס, אַן אינערלעכע איבעראַנדערשונג, אַן אינערלעכע איבערשמעלצונג פֿון דעם איינעם „איך“ אויף אַן אַנדערן. דאָס איז אַ שווערער פּראָצעס און אַ לאַנגזאַמער, וואָס דויערט גאַנצע דורות ביז ער ווערט פֿולשטענדיק דורכגעפֿירט.

דאָך ווי שווער און ווי לאַנגזאַם דער פּראָצעס פֿון אַסימילאַציע זאָל נישט זײַן, קומט ער דאָך פֿאָר אין מאַנכע טיילן פֿון ייִדישן פֿאָלק. אין יעדן לאַנד רייסן זיך אָפּ קליינע טיילן פֿאָלק און ווערן אַסימילירט אין דעם הערשנדיקן פֿאָלק פֿון לאַנד, אָבער וועגן דעם קאָן נישט העלפֿן קיין שום פּאַלעסטינע, ווי גרויס זי זאָל נישט זײַן און וויפֿל ייִדן אין איר זאָלן זיך נישט געפֿינען. אַסימילירן זיך טיילן פֿון דער איטאַליענישער באַפֿעלקערונג אין אַמעריקע, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז פֿאַראַן אַ גרויסע איטאַליענישע מלוכה מיט אַ גרויס איטאַליעניש פֿאָלק אויף יענער זייט ים. דאָסזעלבע איז מיט דײַטשן און פֿראַנצויזן. פּאַלעסטינע קאָן אַלזאָ אונטער די בעסטע באַדינגונגען נישט אָפּהאַלטן די ייִדישע אַסימילאַציע אין די גלות־לענדער. פֿאַקטיש וועט אין פּאַלעסטינע גופא פֿאָרקומען אַ ייִדישע אַסימילאַציע ביז אַ געוויסן גראַד. דאָס הערשנדיקע ענגליש ווירקט אויך אַסימילירנדיק אין פּאַלעסטינע. און מען קאָן דאָס שוין זען איצט אין פּאַלעסטינע.

אין אַלגעמיין איז דאָס ייִדישע פֿאָלק נאָך גאַנץ ווייט פֿון אונטערגאַנג, ווען אַפֿילו די אַסימילאַציע זאָל אָפּרייסן יערלעך טאָפּלט און דרייפֿאַך אַזוי פֿיל ייִדן, ווי זי טוט עס איצט. דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿאַרגרעסערט זיך און וואַקסט און עס וועט נישט

געשטעלט ווערן אין געפאַר פון אונטערגאַנג, ווען עס וועט זיך אפילו אָפּרייסן פון איר עטלעכע צענדליק טויזנט יערלעך.

פאַלעסטינע קאָן אויך נישט האָבן קיין ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין די גלות-לענדער. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זוכט צו שאַפן אין פאַלעסטינע אַ העברעאישע קולטור, וועלכע איז פרעמד די יידישע פאָלקס-מאַסן, די טרעגער פון דער יידישער קולטור אין די גלות-לענדער. אַ יידישע גימנאַזיע אין ווילנע קאָן אויך עטוואָס געבן די יידישע מאַסן אין אַמעריקע, אָבער אַ העברעאישע אוניווערזיטעט אין ירושלים קאָן זיי גאָרנישט געבן. עס איז פאַר זיי אַ גאַנץ פרעמדע זאַך. פאַר די יידישע מאַסן איז אַ דייטשע אוניווערזיטעט אַ סך אַ נעענטערע זאַך, ווי אַ העברעאישע. פון אַ לעקציע אין דייטש וועלן זיי נאָך עפּעס פאַרשטיין, אָבער פון אַ לעקציע אין העברעיש וועלן זיי גאָרנישט פאַרשטיין.

די יידישע ביכער' וועלכע ווערן געדרוקט אין וואַרשע און אין ווילנע, אין קאָוונע און אין טשערנאָוויץ זענען אַ געווינס פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס-מאַסן אין אַמעריקע און אַזוי זענען די יידישע ביכער, וועלכע ווערן געדרוקט אין אַמעריקע, אַ קולטורעלע הילף פאַר די יידישע מאַסן אין וואַרשע, ווילנע, קאָוונע און טשערנאָוויץ. די העברעאישע ביכער אָבער, וואָס דרוקן זיך אין ארץ-ישראל, האָבן פאַר די יידישע מאַסן קיין פּראַקטישן קולטורעלן ווערט נישט, ווייל זיי קענען זיי נישט לייענען.

דאָס איינציקע, וואָס פאַלעסטינע קאָן טון, איז אייננמאַרעגירן אַ ביסל יידן און זיי פאַרוואַנדלען אין העברעער. דאָס יידישע פאָלק, אלס גאַנצעס, אָבער, קאָן אַזוינס בלויז באַטראַכטן ווי אַן אַלמער ספרים פון אַ זיידן, וואָס שטייט אין אַ ווינקל און קיינער קוקט אין זיי נישט אַריין.

---

דעם אַנטיסעמיטיזם קאָן פאַלעסטינע זיכער נישט אָפּשאַפן און אויך נישט איס אָפּשוואַכן. די אורזאַכן פון אַנטיסעמיטיזם זענען פאַרשידענע. זיי זענען רעליגיעזע, דערציערישע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע. און ווי לאַנג די אורזאַכן וועלן

עקזיסטירן, אַזוי לאַנג וועט אויך עקזיסטירן דער אַנטיסעמיטיזם, ווייל איין זאַך זאָל מען נישט פאַרגעסן, אַז דורך פּאַלעסטינע וועט די צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די גלות-לענדער נישט קלענער ווערן.

נאָר ווי אַזוי קאָן מען אין אַלגעמיין איצט רעדן וועגן פּאַ-לעסטינע אַלס אַ הילף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין די גלות-לענדער, ווען די יידן אין פּאַלעסטינע אַליין האָבן דאָרטן אויסצושטיין אַ שטאַרקערע יידן-פיינטשאַפט, ווי די יידן אין די גלות-לענדער. די יידן-פיינטלעכע באַוועגונג צווישן די אַראַבער ווערט שטאַרקער און געפערלעכער פון טאָג צו טאָג. דאָרטן האָט זי אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַל-פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס ציט אַריין אין זיך וואָס ווייטער אַלץ ברייטערע מאַסן פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג. און מען דאַרף וויסן, אַז די פּאַקטישע בעלי-בתים פון לאַנד זענען די אַראַבער, און די יידן-פיינטשאַפט פון די האַלב-ווילדע אַראַבער אין פּאַלעסטינע איז זיכער נישט קיין אָנגענעמע-רע זאַך ווי דער אַנטיסעמיטיזם פון די האַלב-ציוויליזירטע אָדער גאַנץ-ציוויליזירטע אייראָפּעער און אַמעריקאַנער. אין קעגנטייל, זי איז פיל געפעהרלעכער. מען מעג פּראָבירן איינרעדן די אַראַבער, אַז זיי זענען לייבלעכע קרובים פון די יידן, אַז זיי שטאַמען אַרויס פון איין אברהם אבינו, אָבער וואָס העלפט עס, אַז ביידע צדדים פילן, אַז זיי זענען דורכויס פרעמד און ווייט איינע פון די אַנדע-רע, אַזוי ווייט ווי דער אָריענט (מזרח) פון אקסידענט (מערב).

דער ציוניזם וואָלט אפשר געהאַט אַ גרעסערן ערפאָלג, ווען אין פּאַלעסטינע וואָלטן זיך באַזעצט יידן פון אָריענט, ווי די יידן פון תימן, פון פרס, פון מאַראָקאָ, פון סמירנא, סאַלאָניקי א. אַ. וו. צווישן די דאָזיקע יידן און די אַראַבער איז טאַקע פאַראַן אַ גרויסע קרובהשאַפט. זיי זענען פריער ווי אַלץ אָריענטאַלער און זיי זענען אין אַלגעמיין נענטער צו די אַראַבער, ווי צו די יידן אין אייראָפּע און אַמעריקע. אָט די דאָזיקע אָריענטאַלישע יידן וואָלטן זיך מיט די אַראַבער אפשר גאַנץ גוט איינגעלעבט. זיי זענען נאָענט איינע צו די אַנדערע און פאַרשטייען איינע די אַנדערע אַ סך בע-סער. ווייניקסטנס, וואָלטן די אַראַבער נישט געקאָנט קוקן אויף זיי

היִ אויף פֿרעמדע. זיי וואָלטן זיי וויניקסטנס נישט אַזוי געהאַסט ווי זיי האַסן די אייראָפּעישע ייִדן. וואָ־ום פֿ־יִער ווי אַלץ האַסט דער אַראַבער אין די אייראָפּעישע ייִדן זייער אייראָפּעישקייט. ער האָט מורא פֿאַר דעם אייראָפּעער. ער איז זייער אַן אַלטער שונא

די או.טערשטע שורה איז, אַז פּאַלעסטינע קאָן נישט געבן קיין ענטפֿער אויף קיין איינציקע ייִדישע פֿראַגע. די לאַגע פֿון ייִדישן פֿאָלק קאָן אויף דאָס מינדעסטע נישט געענדערט ווערן צום בעסערן דורך פּאַלעסטינע.

---

# די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק

טאָ וואָס איז דאָך דער ענטפער אויף די אַלע אַנגעווייטיקטע יידישע פראַגן?

היינט, אין דעם מאָמענט, איז אויף זיי קיין ענטפער נישטאָ. עס איז בלויז פאַראַן אַן ענטפער אין דער צוקונפט, ווען עס וועט געשאַפן ווערן אַ נייע מענטשלעכע געזעלשאַפט, אין וועלכער איין מענטש וועט נישט אונטערדריקן דעם צווייטן און איין נאַציאָן די צווייטע, אַ געזעלשאַפט, ווו אַלע מענטשן וועלן האָבן גלייכע רעכטן און אַלע פעלקער וועלן זיין גלייכבאַרעכטיקט.

איז אָבער נישט צו לאַנג צו וואַרטן ביז יענער צייט? וועט די יידישע נאַציאָן קאָנען אויפהאַלטן איר עקזיסטענץ ביז יענער צייט? וועט איר פריער נישט אַרויס די נשמה איידער זי וועט דערלעבן די נחמה?

איך ווייס נישט, ווי לאַנג מען וועט דאַרפן וואַרטן. אַמאָל פאַסירן גרויסע איבערקערענישן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט אַ סך שנעלער ווי מיר רעכענען און אַמאָל אַ סך לאַנגזאַמער. נאָר ווי אָפּטימיסטיש עס זאָלן נישט זיין די ציוניסטן און זייערע חשבונות און האָפנונגען וועגן פאַלעסטינע, מוזן זיי דאָך אַליין צוגעבן, אַז היינט, פאַר דעם איצטיקן מאָמענט, קאָן פאַלעסטינע נאָך נישט געבן קיין ענטפער אויף דער יידישער פראַגע, אַז בלויז פאַלעסטינע פון דער ווייטערער צוקונפט, די פאַלעסטינע מיט אַ באַדייטנדיקן טייל פון יידישן פאָלק און מיט אַ יידישער מלוכה קאָן דעם ענטפער געבן.

עס האַנדלט זיך אַלזאָ סיי ווי סיי נישט וועגן דעם היינט, נאָר וועגן דער ווייטערער צוקונפט. און מיר גלויבט זיך, אַז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז שוין אַ סך נענטער ווי אַ פאַלעסטינע פון יידישן פאָלק מיט אַ יודישער מלוכה.

נאָר ווי'ט דאָס יידישע פֿאָלק אַזוי לאַנג אויסהאַלטן?

דאָס קען קיינער נישט זאָגן. קיינער קען נישט געבן קיין גאַראַנטיעס. און ווען איינער זאָל זיי געבן, וועלן זיי קיין ווערט נישט האָבן. מען קען בלויז אַרויסזאָגן מיינונגען און זיי פּראָבירן באַגרינדן מיט סבֿרות און אַרגומענטן, וועלכע ליגן זיך אויפֿן שכל.

דאָס יידישע פֿאָלק עקזיסטירט שוין אין די גלות-לענדער נאָענט פֿון צוויי טויזנט יאָר און נישט נאָר האָט דאָס יידישע פֿאָלק געוויזן קיין שפּורן פֿון פֿאַרשווינדן, נאָר עס איז געוואַקסן און גרעסער געוואָרן.

עס זענען געווען טרויעריקע צייטן אין דעם לאַנגן יידישן גלות-לעבן, ווען עס האָט זיך אויסגערעכנט, אַז פֿון דעם יידישן פֿאָלק וועט מער קיין שריד ופּליט נישט בלייבן. יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער און יידישע לעבנס זענען געווען פֿולשטענ-דיק הפקר. די פֿאַרניכטונג איז געווען אַזוי גרויס. אַז בלויז קליי-נע רעשטלעך פֿון יידישן פֿאָלק זענען איבערגעבליבן. אָבער פֿון די קליינע רעשטלעך איז ווידער אויסגעוואַקסן אַ פֿאָלק, און אַ גרויס פֿאָלק.

אין די בעסטע צייטן פֿון יידישן פֿאָלק אין זיין אייגן לאַנד איז עס אַפֿילו נישט געווען אַ פֿערטל אַזוי צאָלרייך ווי הייַנט. אין דעם גלענצנדסטן פּעריאָד פֿון יידישן לעבן אין זיין אייגן לאַנד זע-נען אין ארץ-ישראל נישט געווען אַזוי פֿיל יידן ווי הייַנט אין אַמעריקע, אָדער אין פּוילן, אָדער אין רוסלאַנד.

אין דער צייט פֿון ערבֿ דעם צווייטן חורבן (חורבן בית שני) האָט די יידישע באַפֿעלקערונג דערגרייכט די העכסטע צאָל, וואָס זי האָט נאָר ביז יענער צייט געהאַט. לויט פֿאַרשידענע אויס-רעכענונגען ווערט די צאָל פֿון יידן אין דער גאַנצער וועלט אין יענער צייט געשאַצט פֿון 4 אַ האַלב ביז פֿינף מיליאָן. אָבער פֿון דער צאָל האָט בלויז אַ טייל געלעבט אין פּאַלעסטינע. אין עגיפּטן אַליין האָבן זיך אין יענער צייט געפֿונען אַרום אַ מיליאָן יידן, לויט ווי פֿילון (פֿילא) היהודי גיט אָן. גרויסע יידישע קהילות האָבן זיך געפֿונען אין פֿאַרשידענע לענדער. אַפֿילו אין רוים האָט זיך דאַן

געפונען א גרויסע, צאלרייכע יידישע קהלה. גרעץ אין זיין „געשיכטע דע יידן" (באנד 3, קאפיטל 13) זאגט וועגן יענער צייט דאס פאלגנדיקע: „עס איז נישט געווען קיין איין ווינקל אין די צוויי דאמאלס גרויסע הערשנדע מלוכות, די רוימישע און די פארטישע, ווו יידן זאלן נישט וווינען. דער ברעג פון מיטללענדישן ים און די מינדונגען פון אלע הויפט-טייכן (די ערטער, ווו די טייכן גיסן זיך אריין אין ים) פון דער אלטער וועלט, ווי ניל, אייפראט, טיגרים, דונאי א. אז. וו. זענען געווען באפעלקערט מיט יידן".

ענטפערט מען געוויינליך, אז די ביז-איצטיקע עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאלק האט מען צו פארדאנקען דער יידישער רעליגיע און די גוישע רדיפות. די יידישע רעליגיע האט געהאלטן די יידן צוזאמען און די גוישע רדיפות האבן די יידן פארהארטעוועט און ארויסגערופן אין זיי א ווידערשטאנד און אן עקשנות זיך נישט אונטערצוגעבן. איצט אבער ווען דער כח פון רעליגיע ווערט וואס ווייטער אלץ שוואכער און די רדיפות אויף יידן טראגן נישט מער אזא בארבארישן כאראקטער, ווי אמאל, און אין די מייסטע לענדער עקזיסטירן איבערהויפט נישט קיין פארמאלע אונטערדריקונגען, טא וואס קאן אפהאלטן דעם יידישן פאלק פון אסימילאציע?

געוויס איז ריכטיק, אז די יידישע רעליגיע האט אמאל געהאט א סך א שטארקערע ווירקונג, ווי זי האט היינט, הגם עס איז אינגאנצן נישט ריכטיק, אז די רדיפות האבן געהאט אזא גרויסע ווירקונג אויפצוהאלטן דאס יידישע פאלק. די פארוויסטונגען און פארניכטונגען, וואס די רדיפות האבן געמאכט אין דעם יידישן פאלק, זענען געווען א סך גרעסער, ווי דער נאציאנאלער ווידערשטאנד, וואס זיי האבן אין אים איינגעפלאנצט. די יידישע באפעלקערונג אין שפאניען האט געבליט און געוואקסן און האט דערגרייכט זייער א הויכע קולטורעלע מדרגה אין דער אזוי גערופענער „גאלדענער צייט", ווען מען האט איר דארטן געלאזט לעבן מער אדער ווייניקער פריי. די שפאנישע יידישע באפעלקערונג איז אבער צום גרעסטן טייל פארניכטעט געווארן, ווען עס האבן זיך אנגעהויבן די רדיפות, וועלכע האבן זיך געענדיקט מיט דעם

גרויסן גרוש (דאָס אַרויסטרייבן די ייִדן פון שפּאַניען).

אָבער אפילו ווען מען רעדט וועגן דער ווירקונג פון דער ייִדישער רעליגיע דאַרף מען דאָך נישט פאַרגעסן אַז עס זענען היינט פאַראַן צווישן די 15 אָדער 16 מיליאָן ייִדן גענוג אָרטאָדאָקסישע רעליגיעזע ייִדן. זיי זענען היינט פאַראַן א סך מער, ווי אין דער צייט פון גרוש שפּאַניען זענען אין אַלגעמיין ייִדן געווען אויף דער וועלט.

איך האָב נישט געקענט אויסגעפינען וועלכע עס איז ציפער וואָס זאָל דערציילן ווי גרויס עס איז געווען די צאָל ייִדן אויף דער וועלט אין דער צייט פון גרוש שפּאַניען (אין יאָר 1492). דאָן יצחק אַברבנאל גיט אָן, אַז די צאָל פון די אַרויסגעטריבענע ייִדן פון שפּאַניען איז געווען 300 טויזנט. מאַנכע היסטאָריקער באַהויפּטן, אַז די צאָל איז געווען באַדייטנד קלענער. עס זענען אָבער דאַן געווען ייִדן אין פאַרשידענע לענדער, נאָר זייער צאָל איז אומבאַקאַנט. מען ווייס אָבער יאָ, אַז דורך די באַשטענדיקע בלוטיקע רדיפות און הריגות אויף ייִדן, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן כמעט אָן אַן אויפהער ביזן סוף פון 17-טן יאָרהונדערט, איז די צאָל ייִדן אין דער וועלט כסדר פאַרקלענערט געוואָרן. און צום סוף פון 17-טן יאָרהונדערט זענען אויף דער גאַנצער וועלט געווען ווייניקער ווי א מיליאָן ייִדן. ערשט פון 18-טן יאָרהונדערט, ווען די רדיפות אויף ייִדן זענען שוואַכער געוואָרן, און באַזונדערס אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, האָט דאָס ייִדישע פאָלק אָנגעפאַנגען צו וואַקסן אין צאָל און האָט ביז היינט שוין דערגרייכט די ציפער פון אַן ערך 16 מיליאָן (טריטש האָט אויסגערעכנט, אַז אין יאָר 1915 איז די צאָל ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט געווען 14 מיליאָן 340 טויזנט. רעכענענדיק, אַז דער צוּוואוקס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז קנאַפּע צוויי פּראָצענט א יאָר און אַראָפּרעכענדיק די פאַרלוסטן אין דער וועלט-מלחמה און דורך די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און אַנדערע לענדער, האָט די ייִדישע באַפעלקערונג אין יאָר 1922 געדאַרפט זיין איבער 16 מיליאָן).

דאָס אַמעריקאַנישע ייִדישע יאָר-בוך מאַכט א חשבון, אַז אין יאָר 1919 זענען אויף דער וועלט געווען 15 מיליאָן 783 טויזנט ייִדן.

אויב די צאָלן וועגן ריכטיק, דאַן דאַרף די יידישע צאָל איצט זיין איבער 17 מיליאָן.

מען קען נישט וויסן גענוי וויפיל פון די איצטיקע 16 מיליאָן יידן וועגן רעליגיעזע, אָבער עס איז קיין שום צווייפל נישט, אז צווישן די היינטיקע 16 מיליאָן יידן וועגן פאַראַן א סך מער רעליגיעז־פרומע וויפיל עס זענען מיט א הונדערט יאָר צוריק איבערהויפט געווען יידן אין דער וועלט.

מיט א הונדערט יאָר צוריק זענען געווען ארום דריי מיליאָן יידן אויף דער וועלט, איך וועל אָננעמען, אז אלע פון זיי אָן אן אויסנאַם זענען געווען רעליגיעז־פרום, אָבער היינט זענען געוויס פאַראַן דריי מאָל אזוי פיל רעליגיעזע יידן, וואָרום פון די איצטיקע 16 מיליאָן יידן זענען זיכער א סך מער ווי א העלפט אָרטאָדאָקסיש רעליגיעזע.

אויב, אלזאָ, רעליגיע איז דאָס געווען דער כח, וואָס האָט אויפגעהאַלטן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק ביז היינט, דאַן איז נאָך פאַראַן גענוג רעליגיע ביי אים, שוין צופיל רעליגיע, פאַר זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

נאָר עס איז נאָך אין אלגעמיין נישט קיין באַוויזענער אמת, אז אָן דער יידישער רעליגיע קען די יידישע נאַציע נישט עקזיסטירן. דאָס ווילן אונז בלויז איינרעדן די רעליגיעזע יידן פון איין זייט און די אסימילאַטאָרישע יידן פון דער אנדער זייט. די רעליגיעזע יידן ווילן אונז איינרעדן, אז דער עיקר פון דער יידישער נאַציע איז די יידישע רעליגיע און, אויב מען וויל אויפהאַלטן די עקזיסטענץ פון דער יידישער נאַציע מוז מען אויפהאַלטן די יידישע רעליגיע. די אסימילאַטאָרישע יידן זאָגן אויך דאָס זעלבע, נאָר זיי קומען צו אן אנדער אויספירונג. די פרומע אסימילאַטאָרן זאָגן, אז אזוי ווי דער עיקר פון יידישקייט איז די יידישע רעליגיע, ממילא זענען יידן בלויז א רעליגיעזע סעקטע אָבער נישט קיין נאַציע. זיי זענען נישט מער ווי א טייל פון דעם פאָלק, צווישן וועלכן זיי לעבן. אין אמעריקע זענען פאַראַן פראָטעסטאַנטישע אמעריקאַנער, קאַטוילישע אמעריקאַנער און מאָזאַישע אמעריקאַנער. אין דייטשלאַנד זענען פאַראַן פראָטעסטאַנטישע דייטשן, קאַטוילישע דייטשן און מאָזאַישע דייטשן, א.

אז. וו. די פרייזיניקע אסימילאַטאָרן ווידער זאָגן, אז אזוי ווי דער עיקר פון יידישקייט איז די יידישע רעליגיע, און אזוי ווי רעליגיע דאַרף מען באַקעמפן און אָפּשאַפן, ממילא איז זיך נישטאָ וואָס צו האַלטן מיט דער יידישער נאַציע. נישט בלויז איז זי פאַרורטיילט צו פאַרשווונדן, נאָר מען דאַרף העלפן, אז זי זאָל וואָס שנעלער פאַרשווונדן. די מענטשהייט וועט דערמיט פטור ווערן פון א שטיק אלטע איינגעפונדעוועטע רעליגיע.

די ציוניסטן האָבן אין זייער טעאָריע וועגן דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק צונויפגעקליבן סיי די אַרגומענטן פון די רעליגיעזע יידן, סיי די אַרגומענטן פון די אסימילאַטאָרישע יידן און זיי פלאָנטערן זיך צווישן זיי.

אמת, מען קען נישט פאַרלייקענען, אז א מאָל איז די יידישע רעליגיע געווען דער וויכטיקסטער יסוד פון דער יידישער נאַציע, הגם נישט דער איינציקער יסוד. אָבער עס איז געווען א צייט, ווען ביי אלע אנדערע נאַציעס איז די רעליגיע געווען דער עיקר. עס איז געווען א צייט, ווען די קאַטוילויקן פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד האָבן זיך געפילט נאָענטער איינע צו די אנדערע ווי צו די פראָטעסטאַנטן פון זייער אייגענעם פאָלק, וועלכע זיי האָבן מיט פאַרייניקטע כוחות באַקעמפט. און נאָך א שטאַרקערע נאָענטקייט האָבן געפילט צווישן זיך די פראָטעסטאַנטן פון פאַרשידענע פעלקער, וועלכע זענען פאַרפאָלגט געוואָרן מיט פייער און שווערד פון זייערע אייגענע פאָלקס - ברידער, די קאַטוילויקן.

ביי א גרויסן טייל פון די מוסולמאַנישע פעלקער איז נאָך היינט רעליגיע העכער ווי נאַציע. ביי א גרויסן טייל פון די דאָזיקע פעלקער איז דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין נאָך נישט אנטוויקלט. די מוסולמאַנישע אראַבער אין פאַלעסטינע האָבן די גאַנצע צייט באַטראַכט די דאָרטיקע קריסטלעכע אראַבער פאַר פרעמדע. און בלויז אין דער לעצטער צייט ווען אין פאַלעסטינע איז באַשאַפן געוואָרן א נאַציאָנאַלע אראַבישע באַוועגונג, האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען שאַפן א דערנענטערונג צווישן די מוסולמאַנישע אראַבער און צווישן די קריסטלעכע.

נאָר פונקט אזוי ווי ביי אלע אנדערע פעלקער האָט צוזאַמען

מיט דער ציוויליזאַציע אָנגעפאַנגען די נאַציאָנאַלע קולטור, דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין צו ווערן דער הויפּט-יסוד פון נאַציאָנאַלן לעבן, איז עס אויך אַזוי ביים יידישן פאָלק. אמת, די יידישע רעליגיע שפּילט נאָך אלץ א וויכטיקע ראָלע אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, אָבער שוין נישט די הויפּטראָלע. די יידישע קולטור, דאָס יידישע נאַציאָנאַלע געפיל און נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין ווענען שוין היינט געוואָרן די הויפּט יסודות פון דער יידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

איך וואָלט זאָגן פיל מער. די יידישע רעליגיע ווערט פונקט אַזוי גוט אויסגענוצט פאַר די צוועקן פון יידישער אסימילאַציע, ווי פאַר אויפהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ.

די אסימילאַטאָרן פון משה רבינוס גלויבן באַנוצן דאָך די יידישע רעליגיע פאַר זייערע אסימילאַציאָנס טעאָריע. זיי באַנוצן די יידישע רעליגיע אָפּצולייקענען די עקזיסטענץ פון א יידישער נאַציע. באַהויפּטנדיק, אַז די יידישע רעליגיע איז דער איינציקער עיקר פון יידנטום, איז עס נישט מער ווי לאָגיש, אַז עס עקזיסטירן בלויז דייטשן, פראַנצויזן, פּאָליאַקן, רוסן א. אז. וו. פון מאָזאַישן גלויבן און אַז דער אונטערשיד צווישן פּראָטעסטאַנטישע און מאָזאַישע דייטשן אָדער צווישן קאַטוילישע פּאָליאַקן און מאָזאַישע א. אז. וו. איז בלויז א רעליגיעזער און נישט קיין נאַציאָנאַלער. און אַז די דאָזיקע אידעע האָט געהאָלפן און העלפט נאָך היינט די יידישע אסימילאַציע, קען קיינער נישט לייקענען.

---

נאָר וואָס הייסט איינגנטלעך אין אלגעמיין אויפהאַלטן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק? הייסט עס, אַז אין הונדערט אָדער אין צוויי הונדערט יאָר אַרום זאָל דאָס יידישע פאָלק האָבן פונקט דעם זעלביקן כאַראַקטער און די זעלביקע נאַציאָנאַלע סימנים וואָס היינט.

אויב דאָס הייסט נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, דאַן האָט דאָס יידישע פאָלק שוין לאַנג אויפגעהערט עקזיסטירן. וואָרום דאָס יידישע פאָלק פון היינט האָט א גאַנץ אנדער אויסזען, אן אנדער כאַראַקטער און אנדערע נאַציאָנאַלע סימנים, ווי דאָס יידישע פאָלק אמאָל אין פּאַ-

לעסטינע. דאָס יידישע פאָלק פון היינט איז א סך ענגלעכער אויף וועלכער עס איז מאָדערנער אייראָפּעישער נאַציאָן, ווי אויף דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט אמאָל געלעבט אין פּאַלעסטינע.

דאָס יידישע פאָלק א מאָל אין פּאַלעסטינע האָט גערעדט אראַמייאיש אָדער העברעיש, איז געווען כמעט אינגאַנצן פון דער סעמיטישער ראַסע, דורך און דורך אָריענטאַליש און איז געווען א פאָלק פון פּויערים. אפילו די רעליגיע איז געווען אן אנדערע. וואָרום תורת משה אין יענער צייט, אויף וויפיל די יידן האָבן איר דאַן אָפּגעהיט, איז געווען א גאַנץ אנדערע, ווי די בעלי התלמוד די מקובלים און די לעצטע פּוסקים האָבן איר איבערגעמאַכט. זי איז נישט בלויז אנדערש געוואָרן דורך די פאַרשידענע מצוות, איסורים און מנהגים, וואָס מען האָט אין איר איינגעבראַכט, נאָר זי איז געוואָרן אנדערש אין איר גאַנצן תוך, אין איר גאַנצער פילאָזאָפיע. די אמאָליקע תורת משה האָט נישט געוווסט פון א יענער וועלט און פון א גיהנום מיט אן גן־עדן. אין דער איצטיקער יידישער רעליגיע, איז אָבער די „יענע וועלט" און דער גיהנום מיטן גן עדן דער וויכטיקסטער יסוד. פרעגט יעדן רב, יעדן פרומען רעליגיעזן יידן וועט ער אייך זאָגן, אז אויב איר לייקנט אָפּ יענע וועלט מיטן גיהינום און גן־עדן, לייקנט איר אָפּ די גאַנצע יידישע רעליגיע.

דאָס איצטיקע יידישע פאָלק איז אין זיין גאַנץ גרויסן איבערוועגנדן טייל נישט סעמיטיש. עס איז אין דעם פּרט נישט וויכטיק, אויב דאָס איצטיקע יידישע פאָלק שטעלט מיט זיך פאָר א באַזונדערע ראַסע, ווי מאַנכע אנטראָפּאלאָגן באַהויפּטן עס, און ווי מאַנכע לייקענען עס, וויכטיק איז, אז דער גרעסטער און איבערוויגנדסטער טייל פון דעם איצטיקן יידישן פאָלק געהערט נישט צו דער סעמיטישער ראַסע. בלויז קליינע טיילן פון דעם יידישן פאָלק געהערן צו איר.

און דאָך זאָגן מיר, אז דאָס איצטיקע יידישע פאָלק איז א פאָרטזעצונג פון דעם אמאָליקן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז נישט די זעלביקע ראַסע, נישט די זעלביקע רעליגיע און נישט די זעלביקע שפּראַך.

עס פאַרשטייט זיך, אז ווען די אלע ענדערונגען, וועלכע האָבן געשאַפן אזא גרויסן חילוק צווישן דעם אמאָליקן יידישן פאָלק און

דעם היינטיקן, וואָלטן פאָרגעקומען מיט אמאָל, וואָלט היינט קיין יידיש פאָלק מער נישט געווען. די היסטאָרישע קייט וואָלט זיך אָפּגעריסן מיט די גרויסע פלוצימדיקע ענדערונגען. אָבער די ענדערונגען זענען פאָרגעקומען נישט פלוצים, נישט מיט אמאָל, נאָר ביסלעכווייז אין א משך פון עטלעכע און צוואַנציק הונדערט יאָר. צוערשט איז געקומען אן ענדערונג אין דער שפּראַך. יידן האָבן אויפגעהערט רעדן העברעיש, נאָר האָבן גערעדט א געמישטע שפּראַך פון אראמייאיש, סיריש אונטערגעשטופּעוועט מיט העברעיש. שפּעטער האָט א גרויסער טייל אָנגעפאַנגען רעדן גריכיש. אָבער די דאָזיקע ענדערונג האָט נישט אָפּגעשאַפט דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון יידישן פאָלק. די יידן האָבן אייגנטלעך זיך קיינמאָל נישט געהאַלטן פעסט פאַר זייער שפּראַך. און עס איז ביז איצט נאָך נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן, וועלכע שפּראַך איז געווען די ערשטע יידישע נאַציאָנאַלע שפּראַך — העברעיש אָדער אראמייאיש. די מייסטע פאָרשער גלויבן, אז די ערשטע יידישע שפּראַך איז געווען אראמייאיש און די העברעישע שפּראַך האָבן זיי איבערגענומען פון די כנענים (פעניקיאַנער) אין דער וועלכיקער צייט האָבן ביסלעכווייז אָנגעפאַנגען פאָרקומען ענדערונגען אין דער יידישער רעליגיע. די ערשטע גרויסע ענדערונגען זענען איך געמאַכט געוואָרן, ווען די יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין בבל און זיי זענען פאָרטגעזעצט געוואָרן, ווען די יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אין פאַלעסטינע. און אזוי לאַנגזאַם און ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעפאַנגען אויסמישן די יידישע ראַסע. צוערשט מיט די גריכן שפּעטער מיט די רוימער און גאָר שפּעטער, אין די גלות לענדער, מיט פאַרשידענע אנדערע פעלקער, וואָס מאַנכע פון זיי האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן, ווי די כאַזאַרן, למשל, (אין דער צייט פון חורבן בית שני און א געוויסע צייט נאָכן חורבן האָבן באַדייטנדיקע צאָלן פון דער רוימישער באַפעלקערונג אָנגענומען דעם יידישן גלויבן). און אזוי ווי די ענדערונגען זענען געווען לאַנגזאַמע האָט די פאָרטזעצונג פון דער עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק נישט אויפגעהערט.

ווען מען זאָל פאַרגלייכן דאָס היינטיקע יידישע פאָלק מיט דעם יידישן פאָלק פון פאַר 25 הונדערט יאָר צוריק איז טאַקע צווישן

ויי במעט קיין ענלעכקייט נישטאָ. ווען מען פאַרגלייכט אָבער דאָס היינטיקע יידישע פאָלק מיט דעם יידישן פאָלק פון פאַר 12 אָדער 14 הונדערט יאָר צוריק איז שוין די ענלעכקייט א גרויסע, פונקט ווי עס איז פאַראַן א גרויסע ענלעכקייט צווישן דעם יידישן פאָלק פון פאַר 26 הונדערט יאָר צוריק און דעם יידישן פאָלק פון פאַר 15 הונדערט יאָר צוריק.

נאָר, אויב אזוי מאָ וואָס זענען די סימנים פון דער יידישער נאַציאָן? און מיט וואָס זענען די יידן איבערהויפט א נאַציאָן?

עס זענען נישטאָ קיין אבסאָלוטע סימנים, דורך וועלכע מען זאָל קענען באַצייכענען א געוויסע גרופּע מענטשן אלס א נאַציאָנאַ־ליטעט, ווייל דער באַגריף נאַציאָנאַליטעט איז נישט קיין אבסאָלוטער, נאָר א רעלאַטיווער. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ד״ר ח. זשיטלאָווסקי זייער קלאָר און דייטלעך ערקלערט. ער זאָגט דאָס פאָלגנדע:

„ווען מיר שטודירן נאָר איין איינציק פאָלק און מיר לאָזן ארויס פון אויג זיין שייכות צו די אנדערע פעלקער, זיין גלייכקייט אָדער נישט גלייכקייט צו זיי וועלן מיר דעמאָלט אין דעם איינצלנעם פאָלק מיט קיינע מיטלען נישט קענען געפינען אזוינס, וואָס מען זאָל קענען אָנרופן נאַציאָנאַל". שטעלט אייך פאָר, אז אלע פעלקער זענען פאַרשוואונדן, א חוץ די ענגלענדער, וועט דאַמאָלט יעדער נאַציאָנאַ־לער שטריך פון דעם ענגלישן כאַראַקטער אויפהערן צו זיין א נאַ־ציאָנאַלער שטריך. ער וועט פשוט זיין א שטריך פון דעם אלגעמיינעם מענטשלעכן כאַראַקטער. די גרונט ערשיינונג פון נאַציאָנאַליטעט, יע־נער מקור, פון וועלכן עס פליסן ארויס אלע אנדערע נאַציאָנאַלע ערשיינונגען, איז דער פאַקט, וואָס די מענטשהייט איז איצטער איינ־געטיילט אין פאַרשידענע פעלקער; וואָס יעדעס פאָלק האָט געלעבט פאַר זיך און האָט געבויט זיין אייגענעם געזעלשאַפטלעכן לעבן; וואָס יעדעס פאָלק האָט אנטוויקלט די אלגעמיין מענטשלעכע קולטור אויף אזא אופן, ווי דאָס האָט אים געפּאַסט, נישט פרעגנדיק ביי די אנדערע פעלקער און נישט צוגעפּאַסנדיק זיך מיט מיט זיי" (ד״ר ח. זשיטלאָווסקי, געזאַמלטע שריפטן, פערטער באַנד).

מען קען דערקענען, אז דאָס יידישע פאָלק איז א באַזונדערע נאַציאָנאַליטעט, ווען מען פאַרגלייכט עס מיט אנדערע פעלקער. מען

װעט דאַן, אז עס איז נישט גלייך צו די אנדערע פעלקער.

עס איז דאָ נישט מיין אויפגאַבע זיך פאַרנאַנדערצוקלייבן אין װאָס די אומגלייכקייט באַשטייט. די אומגלייכקייטן װענען פאַרשידן. דער עיקר, װאָס איך װיל דאָ ארויסברענגען איז, אז פונקט אזוי װי עס װענען פאַראַן אומגלייכקייטן צװישן דעם דייטשן פאָלק און דעם פראַנצויזישן אזוי װענען אויך פאַראַן אומגלייכקייטן צװישן דעם יידישן מיט דעם דייטשן אָדער פראַנצויזישן פאָלק.

די אומגלייכקייטן װענען נישט אלע מאָל באַשטענדיקע. מאַנכע פון זיי פאַרשװינדן אינגאַנצן אָדער ענדערן זיך. אפילו די אומגלייכקייט פון דער שפּראַך קען א מאָל פאַרשװינדן און דאָך װעט דערמיט נישט אָפּגעמעקט װערן די פאַרשידנקייט פון דער נאַציאָנאַליטעט. די אירלענדער װענען נישט געװאָרן קיין ענגלענדער דערמיט װאָס זיי האָבן פאַרגעסן זייער שפּראַך און אָנגענומען די ענגלישע. און די יידן װענען נישט געװאָרן קיין דייטשן װען זיי האָבן אָנגענומען א דייטשן דיאַלעקט פאַר זייער שפּראַך.

דער װיכטיקסטער נאַציאָנאַלער אונטערשיד באַשטייט אין דעם, װאָס יעדע נאַציע נעמט אויף יעדע פאָרשטעלונג, אָדער יעדן איינדרוק פון דרויסן אויף אן אנדער אופן און ארבעט איבער און שמעלצט צונויף די נייע אויפגענומענע פאָרשטעלונגען אָדער איינדרוקן אויף איר אייגענעם אופן מיט די פריערדיקע װאָס זי האָט געהאַט.

די דאָזיקע פאַרשידנהייט דריקט זיך אויס אלץ שאַרפער און בולטער ביי יעדער נאַציע, װאָס העכער זי שטייגט אין איר קולטורעלער אנטװיקלונג.

אָטאָ באַוער אין זיין בוך „די נאַציאָנאַליטעטן פראַגע און די סאָציאַל דעמאָקראַטיע", לויט מיין מיינונג, דאָס בעסטע בוך איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע, באַצייכנט די דאָזיקע אייגנשאַפט מיט דעם נאָמען „נאַציאָנאַלער אפּערצעפּציע", דאָס װאָרט „אפּערצעפּציע מיינט: דאָס אויפנעמען נייע פאָרשטעלונגען אָדער איינדרוקן אין באַװוסטזיין און זיי צוזאַמענשמעלצן מיט די, װאָס װענען שוין פון פריער געװען דאָרטן.

אין דעם מח פון יעדן מענטשן אָדער אין זיין באַװוסטזיין געפינען זיך א רייע פון פאַרשידענע איינדרוקן און פאָרשטעלונגען.

און ווען ער נעמט אויף א נייעם איינדרוק פון דרויסן מוז אָט דער נייער איינדרוק צופּאַסן זיך צו דעם גאַנצן פאַרמעגן פון איינדרוקן און פאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך געפונען פון פריער אין זיין מח אָדער באַוווּסטזיין. אין דעם פּראָצעס פון צופּאַסונג באַקומט אָפט דער נייער איינדרוק א גאַנץ אנדער געשטאַלט. דאָס זעלביקע קומט אויך פאָר מיט א גאַנצער נאַציע. פּונקט ווי דער איינצעלנער מענטש אזוי האָט אויך א נאַציע א גאַנץ פאַרמעגן פון פאָרשטעלונגען, און ווען די נעמט איבער פון דרויסן א נייעם איינדרוק, באַקומט ער ביי איר אָפט א גאַנצער אנדער געשטאַלט. דער נייער אויפגענומענער איינדרוק מוז איבערגעאַרבעט ווערן און זיך צופּאַסן צו דעם אלטן אוצר פאָרשטעלונגען, וואָס געפינט זיך ביי דער נאַציע און זיך צונויפשמעלצן מיט זיי.

אָטאָ באַוער מאַכט עס קלאָר מיט אזא ביישפּיל:

שטעלט אייך פאָר, ווען צוויי מענטשן זענען פאַרשידן סיי לויט זייער אָפּשטאַמונג, סיי לויט זייער כאַראַקטער, ערציִונג און בילדונג, וועלן צוזאמען מאַכן א רייזע. זיי וועלן אויף זייער געמיינזאַמער רייזע זען די זעלביקע זאַכן און די זעלביקע לאַנדשאַפטן. וועט אָבער יעדער פון זיי לערנען דאָס זעלבע פון דער רייזע? וועט אויף יעדן פון זיי די געזעענע זאַכן און די איבערלעבטע איינדרוקן האָבן די זעלביקע ווירקונג? געוויס ניין! ווייל פּונקט אזוי ווי דער מענטשלעכער קערפּער ארבעט איבער און קאָכט איבער די שפּייז, וועלכע ער נעמט אריין אין זיך, אזוי ארבעט אויך איבער און קאָכט איבער דער מענטשלעכער מח, דאָס מענטשלעכע באַוווּסטזיין, יעדן נייעם איינדרוק און פאָרשטעלונג, וואָס ער נעמט אויף. יעדער נייער איינדרוק, יעדע נייע פאָרשטעלונג, וואָס ווערט אויפגענומען פון מענטשלעכן באַוווּסטזיין, ווערט אין אים מער אָדער ווייניקער איבערגעאַנדערשט. און דעריבער וועלן אָט די צוויי מענטשן, וועלכע רייזן צוזאַמען מאַכע ווען די זעלבע זאַכן און אויפנעמען די זעלביקע איינדרוקן, אָבער אזוי ווי דאָס באַוווּסטזיין איז ביי זיי ביידן פאַרשידן, וועלן די אויפגענומענע איינדרוקן אויף א פאַרשידענעם אופן ביי זיי איבערגעאַרבעט ווערן. אויף יעדן פון זיי וועלן די איינדרוקן און די פאָרשטעלונגען ווירקן אויף אן אנדער אופן און יעדער פון זיי וועט פון דער רייזע עפּעס

אנדערש לערנען. פונקט דאָס זעלבע פּאַסירט מיט די מענטשלעכע קולטור־ווערטן ווען זיי ווערן אויפגענומען פון פאַרשידענע נאַציאָנען. מאַקע די זעלביקע אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטור־ווערטן, אָבער זיי ווערן פון יעדער נאַציע פאַרשידן אויפגענומען און פאַרשידן איבערגעאַרבעט אין דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין.

דאָס ייִדישע פאָלק וועט אין א פּאָר הונדערט יאָר געוויס זיין גאַנץ אנדערש, ווי עס איז היינט, אָבער עס וועט דאָך זיין א פאָרטזעצונג פון דעם היינטיקן ייִדישן פאָלק. עס וועט אויף זיין אופן אין זיין נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין איבערארבעטן די אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטור־ווערטן און וועט זיי געבן זיין אייגנאַרטיקע געשטאַלט, אנדערש ווי די אנדערע נאַציאָנען.

מעגלעך, אז מאַנכע פון די היינטיקע ייִדישע נאַציאָנאַלע פאַרשידנהייטן וועלן פאַרשווינדן און עס וועלן זיך אנטוויקלען נייע מיט דער באַרייכערונג פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין אין דעם ווייטערדיקן נאַציאָנאַל־קולטורעלן פּראָגרעס פון ייִדישן פאָלק. דאָס נאַציאָנאַלע געפיל וואָס איז א פּראָדוקט פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין מוז קריגן א שטאַרקערע ווירקונג וואָס ווייטער עס פּראָגרעסירט די קולטורעלע אנטוויקלונג פון דעם ייִדישן פאָלק. וואָרום וואָס קולטורעלער דאָס פאָלק ווערט, אַלץ ברייטער ווערט דאָס פעלד פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין. ער ערוואַכט אין אַלץ ברייטערע שיכטן פון פאָלק. ווען די פאָלקס־מאַסן זענען ווייניק קולטורעל ווייניק געבילדעט, האָט דאָס נאַציאָנאַלע באַוווּסטזיין אין זיין רשות בלויז א קליינעם טייל פון פאָלק, די מער געבילדעטע און די מער אינטעליגענטע.

איך בין אויך ניט זיכער, אז די ייִדישע שפּראַך וועט אלעמאָל פאַרבלייבן ביי דעם ייִדישן פאָלק, הגם עס גלויבט זיך ווייניק, אז זי זאָל פאַרשווינדן. א שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדן נאָענט צען מיליאָן מענטשן, און אין וועלכער עס איז שוין ביז איצט געשאַפן געוואָרן פאַרהעלטניסמעסיק א גאַנץ רייכע ליטעראַטור, קען ניט אזוי לייכט פאַרשווינדן. אָבער איך וויל דאָך ניט מאַכן אָפּהענגיק די גאַנצע עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק פון דער ייִדישער שפּראַך.

עס איז קיין צווייפל ניט, אז די שפּראַך איז איינע פון די וויכטיקסטע עלעמענטן אין דעם לעבן פון א נאַציע, אָבער עס איז

נישטאָ קיין אַלגעמיינער כּלל פֿאַר אַלע נאַציעס. אין דער לאַנגער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק איז די שפּראַך בײַ אים נישט געווען דער הויפּט עיקר. דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט מערערע מאָל געביטן זײַן שפּראַך. נאָר ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, איז די געפֿאַר וועגן דער אונטערגאַנג פֿון דער ייִדישער שפּראַך זייער א הײַנטלויפֿיקע. אַלענפֿאַלס איז עס בלויז א פֿראַגע פֿאַר גאַנץ ווײַטע דורות. אורטיילנדיק אָבער, פֿון דער איצטיקער צײַט, זעען מיר, אז די ייִדישע שפּראַך האָט אין די איצטיקע יאָרן געקריגן א נײַעם אימפּעט און זי אַנטוויקלט זיך און באַפֿעסטיקט זיך אַלץ מער.

די אונטערשטע שורה איז, אז ווי ווײַט אונזער אויג קען פֿאָרויסזען איז די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פֿון ייִדישן פֿאָלק א געזיכערטע. און האָט עס וועט זײַן אין דער גאַנץ ווײַטער צוקונפֿט מיט דער ייִדישער נאַציע זאָלן די דורות פֿון דער ווײַטער צוקונפֿט זאָרגן, ווײַל מיר קענען זיך אין אַלגעמיין זייער שוואַך פֿאָרשטעלן ווי די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט וועט אויסזען אין דער ווײַטער צוקונפֿט.

---

אָט די אַלע באַטראַכטונגען וועגן דער ייִדישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ זענען גאַנץ אָביעקטיווע. מען דאַרף דערצו נישט זײַן קיין נאַציאָנאַליסט. מען דאַרף דערצו אפֿילו קיין ייִד נישט זײַן. אין געגנטייל, א ייִד קען אמאָל זײַן נישט אין גאַנצן אָביעקטיוו אָביעקטיוו, ווען ער קומט צו דער ייִדישער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. ער האָט צו איר א סוביעקטיווע באַציִונג. אָט אָ באַווער האָט די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פֿראַגע באַטראַכט פֿולשטענדיק אָביעקטיוו, ווען ער איז אָבער געקומען צו דער ייִדישער פֿראַגע האָט ער זײַן אָביעקטיוויטעט פֿאַרלוירן. זײַענדיק אַליין א ייִד און זײַענדיק ערצויגן אין דעם גײַסט פֿון ייִדישער אַסימילאַציע האָט ער די ייִדישע נאַציאָנאַלע פֿראַגע באַהאַנדלט פֿון א סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט. דער קאַפּיטל אין זײַן בוך וועגן דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע ער פֿאַרלייקנט, שטייט אין א גרויסן ווידערשפּרוך מיט זײַן אַלגעמיינער טעאָריע וועגן נאַציאָנאַליטעט. און פּונקט ווי דער ייִדישער אַסימילאַטאָר, אַזוי באַהאַנדלט אויך אָפֿט דער ייִדישער נאַציאָנאַליסט די ייִדישע נאַציאָנאַלע פֿראַגע פֿון א סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט. דער ייִדישער אַסימילאַטאָר ווײַל,

או דאָס יידישע פאָלק זאָל פאַרשווינדן און דער יידישער נאַציאָנאַליזם וויל דורכאויס, אז עס זאָל בלייבן. דער אסימילאַטאָר זוכט דעריבער צו באַווייזן, אז אלע פאַרשידנהייטן, וועלכע עקזיסטירן צווישן יידישן פאָלק און אנדערע פעלקער האָבן א גאַנץ קליינע באַדייטונג, בעת דער יידישער נאַציאָנאַליסט זוכט ארויסצושטעלן אין פראָנט די מינ־דעסטע פאַרשידנהייט און מאַכן איר פאַר באַזונדערס וויכטיק. דער אסימילאַטאָר וויל צושטערן יעדע מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם יידישן פאָלק פון אלע אנדערע פעלקער, בעת דער נאַציאָנאַליסט וויל, אז פון דער מחיצה, וועלכע עקזיסטירט, זאָל ווערן וואָס א דיקערע און העכערע וואַנט. דער יידישער אסימילאַטאָר וויל, אז די יידישע נאַציאָנאַלע פאַרשידנהייטן זאָלן וואָס שנעלער פאַרשווינדן, בעת יעדער יידישער נאַציאָנאַליסט ציטערט פאַר דער קלענסטער פאַרשידנהייט, אז זי זאָל נישט פאַרשווינדן.

דער ציוניסט באַטראַכט די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע פון דעמזעלביקן שטאַנדפונקט, וואָס דער אסימילאַטאָר, נישט מער ער קומט צו אן אנדער שלוס.

די טעאָריע פון אסימילאַטאָר איז, אז די יידן קענען נישט עקזיסטירן אלס א נאַציע, ווייל זיי האָבן נישט קיין אייגן אָפּגעזונדערט לאַנד, קיין איינהייטלעכע אייגענע שפראַך און קיין אייגענע פאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט. דאָס איז אויך אייגנטלעך די טעאָריע פון ציוניזם. דער אונטערשיד איז בלויז אין דעם שלוס, וואָס ביידע ציען פון דער זעלביקער טעאָריע. דער אסימילאַטאָר זאָגט, אז אזוי ווי די יידן קענען נישט עקזיסטירן אלס א נאַציע, דאַרפן זיי זיך וואָס גיכער אסימילירן מיט די אנדערע פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן, בעת דער ציוניסט זאָגט, אז אזוי ווי די יידן קענען נישט עקזיסטירן אלס נאַציאָן צווישן די פעלקער, וווּ זיי לעבן, דאַרף מען זיי אוועקפירן אין פאַלעסטינע כדי זיי זאָלן דאָרטן קענען בלייבן עקזיסטירן אלס א זעלבסטשטענדיקע נאַציאָן.

באַטראַכטן פולשטענדיק אָביעקטיוו די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע קען בלויז דער, וואָס איז פריי פון די אסימילאַטאָרישע שטרעבונגען, סיי פון די נאַציאָנאַליסטישע.

דערביי דאַרף באַמערקט ווערן, אז נישט יעדער איינער, וואָס

קומט צו דער איבערצייגונג, אז דאָס יידישע פאָלק קען נישט אויפ־האַלטן זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז אן אסימילאַטאָר, פונקט ווי נישט יעדער איינער, וואָס גלויבט, אז דאָס יידישע פאָלק וועט בלייבן עקזיסטירן אלס א נאַציע מוז זיין א נאַציאָנאַליסט. ווען איינער קומט צו דער איבערצייגונג, אז נעגערס מוזן אלע מאָל זיין שוואַרץ איז דערפון נישט געדרונגען, אז ער האָט פיינט נעגערס, און וויל, אז זיי זאָלן אלע מאָל בלייבן שוואַרץ. און ווען איינער קומט צו דער איבערצייגונג, אז עס וועלן נישטאָ קיין מיטלען צו פאַרמיידן ערד־ציטערנישן איז דערפון נישט געדרונגען, אז ער ליבט ערד־ציטער־נישן און אז ער וויל זיי דורכאויס האָבן.

אן אסימילאַטאָר איז דער, וואָס וויל אסימילאַציע און שטרעבט צו איר. א נאַציאָנאַליסט איז דער, וואָס וויל און שטרעבט אויפ־צוהאַלטן די נאַציע מיט אלע אירע פאַרשידנהייטן און אייגנטימלעכקייטן.

מיר פאַראַכטן דעם אסימילאַטאָר, ווייל מיר גלויבן, אז זיין שטרעבן צו אסימילאַציע איז א פּראָדוקט פון א שקלאַפישער נשמה (און געוויינלעך איז דאָס אזוי).

אסימילאַטאָרן געפינען זיך בלויז צווישן די קליינע, שוואַכע פעלקער, וועלכע לעבן אונטער דער הערשאַפט פון א גרעסערן און א שטאַרקערן פאָלק. ביי די הערשנדע פעלקער זענען נישטאָ קיינע אסימילאַטאָרן, וואָס זאָלן זאָגן, אז זייער פאָלק דאַרף זיך אסימילירן מיט דעם קלענערן פאָלק, וואָס לעבט אונטער זיין הערשאַפט, ווען אפילו דאָס קלענערע פאָלק שטייט אויף א העכערע מדרגה פון קולטורעלער אנטוויקלונג. עס זענען היינט למשל, נישטאָ אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע אזעלכע טשעכן, וועלכע זאָלן זאָגן, אז דאָס טשעכישע פאָלק דאַרף זיך אסימילירן מיט דעם דייטשן, וועלכע לעבן אונטער זייער הערשאַפט, ווייל די דייטשן שטייען אויף א העכערע מדרגה פון קולטורעלער ענטוויקלונג. עס זענען אָבער געווען א סך טשעכן, וועל־כע האָבן געפּרעדיקט אסימילאַציע מיט די דייטשן, ווען די הערשנדע נאַציע איז געווען די דייטשע. דאָס שטרעבן צו אסימילאַציע איז דע־ריבער נישט קיין שטרעבן צו א העכערער קולטור, ווי די אסימילאַטאָרן באַהויפּטן עס אָפט, נאָר אן אויסדרוק פון אונטערטעניגקייט צו זיך אליין און אכטונג צו די שטאַרקע, וואָס הערשן איבער אים און האַלטן

זיך העכער איבער אים. און אסימילאַציע איז דערמיט רעאַקציאָנער, וואָס זי אנערקענט דעם פּרינציפּ, אז די שטאַרקערע פעלקער דאַרפן פאַרשלינגען די שוואַכערע.

עס איז אָבער אויך נישט קיין גרויסער ייחוס מיט דעם נאַציאָנאַליסט, וואָס שטרעבט צו נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט און וואָס זוכט צו פאַמערן און צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע פאַרשידנקייטן צווישן זיין פאָלק און די אנדערע פעלקער און אויסבויען צווישן זיי וואָס א דיקערע און העכערע וואַנט. דאָס איז אויך רעאַקציאָנער.

דאָס מיינט, אָבער, נישט, אז מען דאַרף זיך פאַרהאַלטן נייטראַל און לאָזן די נאַציאָנאַלע אנטוויקלונג פון דעם אייגענעם פאָלק אויף גאָטס באַראַט. וועט עס לעבן איז רעכט, און וועט עס נישט לעבן איז אויך פאַרפאַלן.

אויב מען אנערקענט, אז דאָס יידישע פאָלק קען זיך נישט אסימילירן וויניקסטנס נישט אין דער נאָענטסטער צוקונפט, גאָר מוז פאָרטזעצן זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, דאַן פאַרפליכטעט אזא אנערקענונג צו עטוואָס. אויב עס מוז עקזיסטירן, דאַן מוז מען זען, אז די עקזיסטענץ זאָל זיין וואָס נאָרמאַלער און געזונטער. אנערקענט מען, אז עס איז פאַראַן א יידישע קולטור און אז די גייסטיקע אנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס-מאַסן איז אָפּהענגיק פון דער דאָזיקער יידישער קולטור, דאַן איז אונזער פליכט צו זאָרגן, אז אונזער קולטור זאָל ווערן וואָס רייכער און העכער. ווייסנדיק, אז די יידישע מאַסן קענען פּראָגרעסירן אין זייער קולטורעלער אנטוויקלונג בלויז, אָדער הויפּטזעכלעך דורך דער יידישער שפּראַך, איז אונזער חוב צו אנטוויקלען צו פאַרשענערן און צו באַרייכערן אונזער שפּראַך. וואָלט די שפּראַך פון די יידישע פאָלקס-מאַסן געווען העברעיש אָדער אראמייאיש וואָלטן מיר פּונקט אזוי געדאַרפט זאָרגן פאַר דער אנטוויקלונג פון דער העברעישער שפּראַך, אָדער אראמייאישער.

דער גרונט איז, אז די ארבעט צו אנטוויקלען די יידישע שפּראַך, און די יידישע קולטור איז נישט פאַר דעם צוועק צו פאַרזיכערן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק און אויפצוהאַלטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט נאָר פאַר דעם צוועק צו העלפן די קולטורעלע אנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס-מאַסן, וועלכע זענען אָנגעוויזן אויף

דער יידישער קולטור און אויף דער יידישער שפּראַך.

אמת, דער רעזולטאַט איז דער זעלביקער. אַרבעטנדיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור פאַר דעם צוועק צו העלפן די קולטורעלע אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, אַרבעט מען שוין ממילא פאַר דער אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. עס איז אָבער דאָך אַ גרויסע אונטערשיד וואָס פאַר אַ צוועק מען שטעלט זיך מיט דער אַרבעט. ווען דער צוועק זאָל זיין די אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, דאַן וועט דער ציוניזם, ווען ער נעמט נאָר אַריין אויך יידיש אין זיין פּראָגראַם אַ נאָענטער מחותן. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אַלס צוועק, האָט דער ציוניזם נישט וואָס צו זאָגן, ווייל עס איז נישט זיין צוועק און נישט זיין אויפגאַבע. דער ציוניזם, וועלכער גלויבט נישט אין דער מעגלעכקייט פון דער אַנטוויקלונג און עקזיסטענץ פון יידישער קולטור אָן אַן אייגן יידיש לאַנד, קען זיך דאָך נישט שטעלן פאַר אַן אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די יידישע קולטור אין די גלות לענדער. ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דער אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אַלס צוועק, דאַן האָט דער ציוניזם פיל צו זאָגן. עס איז דאָך די אויפגאַבע און דער צוועק פון ציוניזם די אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט. און אויב איינער איז מסכים מיט די ציוניסטן, אַז דער צוועק דאַרף טאַקע זיין די אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, דאַן מוז ער צוגעבן, אַז דער ציוניזם איז די באַוועגונג, וועלכע פירט צו דעם צוועק. עס איז גענוג, אַז מען זאָל באַזעצן אין פּאַלעסטינע אַ פּאָר הונדערט טויזנט יידן און זיי דאָרטן קאָנסערווירן און דערמיט וועט זיין דער צוועק פון אויפ־האַלטן די יידישע נאַציאָנאַליטעט דערגרייכט. וואָרום אַ נאַציאָנאַ־ליטעט קען אויך בייסטיין פון אַ פּאָר הונדערט טויזנט מענטשן און נישט דווקא פון עטלעכע מיליאָן. איז עס אַ קליינע נאַציאָנאַליטעט.

און איז דאָך אין ערגעץ נישט פאַרשריבן זי גרויס א נאַציאָנאַליטעט דאַרף זיין. אָבער אזא מין אויפהאַלטונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלי־טעט האָט גאָרנישט צו טון מיט דער קולטורעלער אנטוויקלונג און מיט דעם פראָגרעס פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. אזא מין אויפהאַלטן פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט איז אין דער ווירקלעכקייט נישט מער ווי נאָר א מוזעום, ווו מען זאַמלט און האַלט אויף אלטע אנטיקן.

# צו וואס בין איך געפארן אין ארץ־ישראל?

פאָרנדיק צוריק א היים, בין איך געזעסן ביים פענסטער פון דעם וואַגאָן, וואָס האָט מיך געפירט דורכן מדבר, און קוקנדיק אויף די ווילדע וויסטעניש ארום, אויף דעם גרויסן זאַמד־ים, וואָס ציט זיך אויף מאָנאָטאָן פאַר לאַנגע ווייטע מיילן אָן א שום ענדערונג, האָב איך מיר פאַרטראַכט וועגן מיין רייזע: פאַר וועלכן צוועק בין איך געפאָרן אין ארץ ישראל? וואָס האָב איך דאָרטן געוואָלט זען? און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון מיין רייזע? בין אויסגעמאַטערט געוואָרן פון היץ, דורכגעגעסן געוואָרן פון שטויב און וועל זיכער נאָך מיטפירן מיט זיך א מאַלאַריע צום אָנדענקען. איך האָב טאַקע געגעסן אלע טאָג כינין זיך צו פאַרהיטן פון דער קרענק, אָבער ווי עסן דאָך דאָרטן אין ארץ ישראל אלע כינין און דאָך קריגן ווי די מאַלאַריע, טאָ וואָרום זאָל איך זיין אן אויסנאַם? נו, איך האָב עפּעס געלערנט. איך האָב געזען מיט מיינע אויגן זאַכן, וואָס איך האָב פריער בלויז געהערט אָדער געלעזן וועגן זיי. עס זענען מיר מאַנכע זאַכן קלערער געוואָרן, אָבער ווען איך ציי אונטער דעם סך־הכל, בלייבט אין דער אונטער־שטער שורה דאָך גאַנץ ווייניק.

די פראַגע, וואָרום ווילט זיך מיר פאָרן זען א״ץ ישראל, האָב איך מיר פיל מאָל געשטעלט, איידער איך האָב די רייזע אונטערגע־נומען. זיכער האָט אין מיין חשק צו פאָרן געהאַט א געוויסן חלק דער א״ץ ישראל ראָמאַנטיזם, וואָס איז מיר געבליבן פון מיינע חדר־יאָרן. ליגט דאָך אין יעדן פון אונז, וואָס האָט אין די יונגע יאָרן א יידישע ערציִונג באַקומען, ערגעץ ווו א שטיקל ארץ ישראל ראָ־מאַנטיזם באַהאַלטן... און איך האָב דאָך וועגן ארץ ישראל פיל גע־טראַכט און געחלומט אויך נאָך אין די שפּעטערע יאָרן ווען איך בין פון חדר ארויס, און האָב אָנגעפאַנגען צו זוכן אן אידעאַל אין לעבן. — און איז דאָך דער ציוניזם, ווייניקסטנס אין זיין ערשטער געשטאַלט —

חיבת ציון געווען דער ערשטער אידעאַל, וואָס האָט מיך באַגייסטערט אין מיינע יונגע יאָרן. דאָך ווייס איך, אז נישט דער ראָמאַנטיזם האָט ענטשיידן מיין רייזע. דער ראָמאַנטיזם אליין וואָלט נישט געווען בכח מיך צו באַוועגן, אז איך זאָל פאָרן. ער איז אין מיר צו ווייניק געבליבן, אז ער זאָל קענען האָבן אויף מיר אזא ווירקונג. איך בין גיכער געפאָרן זוכן א גלויבן. איך האָב מיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם קיינמאָל נישט באַגרינדעט מיט דער באַהויפטונג, אז דאָס שטרעבן צו האָבן אן אייגן לאַנד איז רעאַקציאָנער און שטייט אין ווידערשפרוך מיטן סאָציאַליזם, ווי דאָס איז געווען די מיינונג פון די מערסטע חברים מיינע פון „בונד". אין געגנטייל, מיין מיינונג איז תמיד געווען, אז עס וואָלט געווען בעסער און געזונטער פאַר דעם יידישן פאָלק, ווען עס וואָלט געהאַט אן אייגן לאַנד, אָבער איך האָב נישט איינגעזען די מעגלעכקייט ווי אזוי דאָס קען פאַרווירקלעכט ווערן. און ווייעדיק איבערצייגט, אז עס איז אוממעגלעך צו קריגן אן אייגן לאַנד, וווּ כאָטש א באַדייטנדער טייל פון יידישן פאָלק זאָל זיך קענען באַזעצן. האָב איך נישט בלויז דעם ציוניזם, נאָר טעריטאָריאַליזם בכלל באַטראַכט נאָר אלס א חלום נאָר פאַר א שעדלעכן חלום, וואָס פאַרטומלט די יידישע מאַסן דעם קאָפּ.

צייטנווייז האָב איך אָבער די ציוניסטן מקנא געווען פאַר זייער גלויבן. באַזונדערס אין די צייטן, ווען עס פלעגן זיך אויף יידישע קעפּ אָנפאַלן שיטן צרות פון אלע זייטן. עס איז דאָך פאַראַן א יידישע פראַגע. עס עקזיסטירט אן אומגליקלעך פאָלק, וואָס על כל צרה שלא תבא איז עס די ערשטע כפּרה הינדל. אמת איך האָב אן ענטפער אויף דער פראַגע, אָבער מיין ענטפער ליגט ווייט. ער ליגט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. פאָרלויפיק אָבער קען איך בלויז ענטפערן, אז עס איז שלעכט און אז נישט בלויז פאַר היינט, נאָר אויך פאַר דער נאָענטער צוקונפט האָב איך נישט קיין רפואה. די ציוניסטן אָבער זאָגן, אז זיי האָבן יאָ. זיי זאָגן מיר, אז ווי האָבן א לאַנד פאַר יידן און עס הענגט בלויז אָפּ פון דעם יידישן פאָלק אליין, אז עס דאַרף בלויז וועלן און עס ווערט אויסגעלייזט פון אלע זיינע צרות און ווערט מיט פעלקער גלייך. און אין שווערע מינוטן האָב איך מאַנכע מאָל א טראַכט געטון: אפשר איז עס דאָך מעגלעך? די דאָזיקע

מחשבה פלעגט מיר אָפּטער ווי אימער באַזוכן די לעצטע עטלעכע יאָר, ווען איין אומגליק פון דעם יידישן פאָלק פלעגט איבערשטייגן דעם צווייטן, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט אין די מערסטע לענדער זיך געטרונקען אין זיין אייגן בלוט און קיין רעטונג האָט מען נישט געקענט זען, און ווען עס פלעגט אָנקומען א שרעקלעכע בשורה וועגן א נייעם בלוטיקן פאָגראָם, וועגן א נייע יידישע שחיטה, און איך פלעג זען ווי די ציוניסטן טרייסטן זיך מיט זייער גלויבן, אז ארץ ישראל וועט גאָר אין גיכן מאַכן א סוף צו אלע יידישע צרות, פלעג איך זיי איינפאַך מקנא זיין. אין אזעלכע מאָמענטן פלעגט זיך מיר וועלן זיין א ציוניסט. און עס איז געווען דאַן, ווען איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן. איך וועל זען מיט מיינע אויגן, אפשר וועל איך אויך אָנפאַנגען גלויבן. איז עס דאָך לייכטער צו לעבן מיט א גלויבן ווי אָן אים. איך בין געפאָרן, אָבער איך האָב דעם גלויבן נישט געפונען. וויענדיק אויפן פלאַץ, האָב איך מיר נאָך שטאַרקער איבערצייגט, אז עס איז נישט מעגלעך, אז עס איז אפילו נישטאָ וועגן וואָס צו חלומען. איך האָב געזען, אז דאָס, וואָס מען רופט „אונזער לאַנד" איז ביידע זאַכן נישט — עס איז נישט אונזער און עס איז נישט קיין לאַנד.

איך האָב זיך אין ארץ ישראל געטראָפן מיט ציוניסטישע רייזנדע, וועלכע האָבן אויך אויסגעפינען דאָס זעלבע, וואָס איך. אָבער לגבי זיי האָב איך מיר שוין געפונען אין א בעסערער לאַגע. איך בין געקומען זוכן א גלויבן און האָב אים נישט געפונען און איך בין ארויסגעקומען גלייך אויף גלייך. זיי זענען אָבער געקומען מיט א גלויבן און האָבן אים דאָרט פאַרלוירן. ביידע זענען מיר צופרידן געווען, וואָס מיר פאָרן אוועק. זיי זענען געווען צופרידן צו פאַרלאָזן דעם פלאַץ, כדי זייערע אויגן זאָלן מער נישט זען דעם קבר, ווו זייער גלויבן איז באַגראָבן געוואָרן, און איך בין געווען צופרידן, וואָס איך פאָר אוועק, ווייל איך האָב דאָרטן גאָרנישט געהאַט און גאָרנישט געקענט געפינען. אין דער ווירקלעכקייט האָב איך מיר אין קיין לאַנד נישט געפילט אזוי פרעמד ווי אין „מיין" לאַנד, אין ארץ ישראל.

---

אויפן שיף האָב איך זיך געטראָפן מיט מערערע יידן, וועלכע האָבן אין פאַלעסטינע פאַרבראַכט א קורצערע אָדער לענגערע צייט, און

זענען איצט געפאָרן צוריק אַהיים. די מערסטע פון זיי זענען געווען ציוניסטן. א טייל פון זיי האָט מען שוין געקענט רופן געוועזענע ציוניסטן, ווייל זיי האָבן זייער ציוניזם איבערגעלאָזן אין פּאַלעסטינע. מיר זענען געזעסן אויפן דעק פון שיף און גערעדט וועגן אונזערע איינדרוקן, וואָס מיר האָבן פון פּאַלעסטינע מיטגענומען. געווען דאָרטן אויך עטלעכע חלוצים. זענען מיר אַזוי אַלע געזעסן און גע־רעדט, און יעדער האָט דערציילט, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט אין פּאַלעסטינע, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף אים געמאַכט די איצטיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע און וואָס מען קען אין אַלגעמיין פון פּאַלעסטינע ערוואַרטן. די שטימונג איז געווען א געדריקטע, און ווען איך האָב צום סוף געפרעגט, ווער אייגנטלעך האָט עס אויסגעטראַכט פּאַלעסטינע? האָט איינער פון די געוועזענע ציוניסטן געענטפערט: עס קען אַנדערש נישט זיין, ווי א גרויסער יידישער שונא האָט עס אויסגעטראַכט.

———————

דער ים איז געווען שטיל. די שיף אונזערע האָט געשניטן דאָס וואַסער מיט גרויס שנעלקייט, ווי אויך זי וואָלט געוואָלט וואָס גיכער אַנטלויפן פון אָריענט און קומען צוריק אין אַן אייראָפּעיש לאַנד.

עס העלפט נישט, האָב איך מיר געטראַכט. דאָס יידישע פאָלק איז, דורך זיינע לאַנגע וואַנדערונגען אין גלות, אייראָפּעיש געוואָרן; מיר זענען דורך און דורך אייראָפּעער און מיר קענען נישט ווערן צוריק קיין אָריענטאַלער. דער אָריענט איז אונז פרעמד. די אראַבער זענען פאַר אונז נישט בלויז א פרעמד פאָלק, נאָר אויך פרעמדע מענטשן, מיט וועלכע עס פעלט אונז וועלכע עס איז גייסטיקע און קולטורעלע פאַרבינדונג.

יידן האָבן געטרוימט און וועלן נאָך א לאַנגע צייט טרוימען וועגן ארץ ישראל. עס איז דער טרוים פון נאַציאָנאַלער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט זינט דאָס יידישע פאָלק האָט זיין נאַציאָנאַלע פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט פאַרלוירן. און עס איז א נאַטירלעכער טרוים, ער קען אָבער אין פּאַלעסטינע נישט פאַרווירקלעכט ווערן. און עס איז נישט בלויז, וואָס פּאַלעסטינע איז אַן אראַביש לאַנד, דורך און דורך אראַביש, נאָר אויך ווייל

אזא הויך ציוויליזירט אייראָפּעיש פאָלק, ווי די יידן זענען איצט, קענען צוריק קיין אָריענטאַלער נישט ווערן.

די אָרימע פאַלעסטינע, וועלכע פאַרמאָגט בלויז א הייסע זון און א שיינעם בלויען הימל, איז באַקוועם גענוג פאַר דעם צוריקגעשטאַנענעם אראבער, וועלכער לעבט נאָך היינט צום גרעסטענטייל ווי מיט דריי טויזנט יאָר צוריק. ווען איר קומט אין אן אראבישן דאָרף אין פאַלעסטינע קענט איר זען לעבעדיקע בילדער פון דער ביבעל. עס האָט זיך כמעט קען זאַך נישט געענדערט פון די ביבלישע צייטן. די זעלביקע פרויען-שקלאַפן; די זעלביקע וואַסער-שעפערינס מיט ווייערע קריגן אויף די פלייצעס; די זעלביקע פאַסטוכער מיט יעקב אבינוס שעפסן-עקודים, נקודים וברודים און די זעלביקע געצעלטן. בלויז די שטאָט האָט געקריגן א ביסל אן אנדער פנים, דאָס דאָרף איז אָבער געבליבן כמעט דער זעלביקער, ווי מיט דריי טויזנט יאָר צוריק.

געוויס קען די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע מיט דער צייט אויך ציוויליזירן דעם אראבער, אָבער פאַר די יידן, וואָס ווילן זיך איצט באַזעצן אין פאַלעסטינע, איז עס נישט א פראַגע צו אייראָפּעיזירן די אראבער, נאָר זיך אליין צו אראבאיזירן. וואָרום צו לעבן היינט אין פאַלעסטינע פון אייגענער ארבעט און נישט פון חלוקה מוז מען זיך אראבאיזירן, זיך אראָפּלאָזן צו דער מדרגה פון דעם אראבער, אָנפאַנגען פירן אזא פרימיטיוון לעבן, ווי ער, און אויסלערנען זיך צו פאַרטראָגן אלץ, וואָס דער אראבער קען פאַרטראָגן.

איינצעלנע אידעאַליסטן קענען עס. דאָס האָבן מאַנכע חלוצים באַוויזן. אָבער וואָס איינצעלנע אידעאַליסטן, מאַרטירער קענען באַווייזן, קען די מאַסע, דער דורכשניט-מענטש נישט באַווייזן. און קאָלאָניזירן א לאַנד מיט מאַרטירער קען מען נישט, ווייל זיי זענען צו ווייניק. און דאָס איז ווען עס האַנדלט זיך אפילו בלויז וועגן א ברייטערע יידישע קאָלאָניזאַציע, שוין אָפּגערעדט פון א יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקער היים, וואָס קען דורך קיין שום מאַרטירערטום נישט דערגרייכט ווערן אין פאַלעסטינע. א יידישע פאַלעסטינע איז בלויז מעגלעך, ווען מען זאָל קענען פאַרטרייבן די אראבער פון דאָרטן.

און דאָך וועט די פאַלעסטינע אידייע נאָך לאַנג, לאַנג בלייבן לעבן ביים יידישן פאָלק, דער ציוניזם, וועלכער האָט אזוי פיל מאָל געענדערט

זיין געשטאַלט, וועט זיך ווייטער ענדערן, זיין תוך אָבער וועט בלייבן דער זעלביקער. דער רעליגיעזער נסים-ציוניזם פון אונזערע עלטער-זיידעס, וועלכע האָבן געגלויבט און געהאָפט, אז דורך גרויסע, איבער-נאַטירלעכע וואונדער וועט גאָט אומקערן זיין פאָלק ישראל אין זיין אלט היילִיק לאנד, האָט אין תוך געהאַט דעם זעלביקן אינהאַלט, וואָס דער היינטיקער מאָדערנער פאָליטישער ציוניזם. עס איז די זעלביקע אידייע, נאָר דער וועג פון פאַרווירקלעכונג איז אן אנדערער. און לאָ-גישער איז געווען דער ציוניזם פון אונזערע עלטער-זיידעס, ווייל די אומקערונג פון יידישן פאָלק צו ארץ-ישראל און די אומקערונג פון ארץ ישראל צום יידישן פאָלק קען פאָרקומען בלויז דורך גרויסע איבערנאַטירלעכע וואונדער.

דער ציוניזם חעט אזוי לאַנג לעבן, ווי לאַנג משיח וועט לעבן. משיח וואָלט שוין געווען לאַנג טויט, ווען ער וואָלט געקומען. זיין לאַנגע לעבנס-קראַפט האָט משיח צו פאַרדאַנקען זיין נישט-קומען. דער ציוניזם חעט לאַנג לעבן, חייל ער קען נישט פאַרווירקלעכט ווערן.

---

# אינהאַלט

